אין ליכטיקן אָנדייַנק
מיין פאָטער און מוטער
יעקב און חוה

# אינהאלט

I

## II



## III

# אַ זקן אַ איד

ערשט מיט צוויי טעג צוריק האָט מען געזען העשל דעם זקן אויפן גאַס. ס'איז געווען זומער אין דרויסן, אָבער העשל'ס טיפער עלטער האָט שוין דעם זומער ניט געפילט. ער איז גע־גאַנגען אָנגעטאָן אין טיפע קאַלאָשן אויף די שיך; אַ שוואַרצן מאַנטל צעשפּיליעט, וועלכער איז ארומגעפאָרן אויף זיינע שפּי־ציקע אַקסלען; אַ וואָלענעם רויטן שאַל ארום זיין האַלז. דורך דער דינער הויט פון זיין האַלז האָבן זיך געזען אַלע אָדערן אָנגע־צויגענע, ווי ספּרוזשינעס. זיין פּנים, גרויס ווי אַ פייג און פאַר־וואַקסן אין אַ גלאַנציקער ווייסקייט ווי גראָבע זאַלץ. ווייסע פוך האָט ארויסגעקוקט פון זיינע דינע, אויסגעטריקנטע אויערן. אויפן שפּיץ נאָז, ווייסע, ווייכע שפּיזלען. אונטער די שטאַרע, שווערע ברעמען האָבן זיך געזען צוויי מוטנע אויגן, ווי ביי אַ פיש, וואָס האָט געקראָגן אַ קלאַפּ אין קאָפּ.

העשל איז געגאַנגען ביי די ברעגן פון גאַס נאָענט לעבן די הייזער. די דורכגייער האָבן אים אָפּגעגעבן „גוט מאָרגן!" אין זייער זאָגן צו אים גוט מאָרגן איז געווען אויסגעדריקט דער געפיל, אַז זייערע לעבנס זיינען נאָך ווייט, ווייט פאָראויס. העשל האָט געענטפערט מיט אַ שאָקל פון זיין קאָפּ, און אין זיין זכרון האָט זיך בשעת מעשה געוועקט יענעמס געשטאַלט, טואונג און ראַליע. ער האָט אויך אָפּגעריסן געטראַכט וועגן זיין אייגענער ראַליע, וואָס ער האָט געפירט אַ לעבן לאַנג... אויסגעגעבן קינ־דער, אייניקלאך, ער ווייס ניט זייער צאָל, זיי זיינען אין די מרחקים: ווילנע, וואַרשע, און אַנדערע כרכ'ן... אַפילו אַמעריקע... ער האָט אויך נאָכגעדענקט וועגן זיינע ווייבער. די ערשטע האָט געהייסן טויבע. זי האָט אים יאָר נאָך יאָר געשענקט דאָ אַ אינגל, דאָ אַ מיידל. הייסע טראָפּנס בלוט קלאַפּן זיך אין זיין

האַרצן, ווען ער דערמאָנט זיך אָן טויבען. די צווייטע, ראָחע, געדענקט ער קוים. ער ווייס, זי איז געווען אַן אשת־חיל. זי איז געשטאָרבן אין קינפּעט.

די דריטע ווייב זיינע, רייזע, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט אויף זיינע עלטערע יאָרן... וועגן איר געדענקט ער נאָר, ווי זי העלפט אים זיך אָנטאָן; זי קאָרמעט אים... ער דערמאָנט זיך אויך פון זיין ווייטער יוגנט, ווען ער האָט געדרייט, גע־טומלט... און אויף דער ערד איז ער ניט געגאַנגען, נאָר גע־שוואומען. ער איז געווען כמעט שטענדיק אונטערוועגנס מיט פרעמדע מענשן. זיך אָנגעהערט, זיך אָנגעזען. און אַז ער איז געקומען אַהיים: זיין גרויסע הויז איז געווען פול מיט זיין פאַמיליע: טעכטער, זין, איידעמס, שניר. ער זעט דאָס איצט ווי דורך אַ חלום... שוין זייער לאַנג, ווי ער לעבט מיט זיין רייזען דאָ אין שטעטל. די קינדער זיינע שיקן אים געלט, פּעק־לאַך, בריוו און פאָטאָגראַפיעס. צופיל טראַכטן האָט שוין העשל קיין כח ניט...

אין די זומערדיקע טעג, פלעגט מען אים זען זיצנדיק לעבן זיין הויז אין אַ טיפן שטול, ארומגעדעקט די פיס מיט אַ פאַ־טשיילע. און זיין קליין, אויסגעדאַרט פּנים, האַלב אויסגעלאָשן און האַלב תמ'עוואַטע, האָט געשמייכלט גוט און קינדיש.

קיין זאַך אויף אונזער וועלט לעבט ניט אייביק. העשל איז געשטאָרבן אינמיטן שלאָף. דאָס שטעטל האָט זיך גערודערט. וועלוול דער „סטאַראָסטע" האָט געקלאַפּט טעלעגראַמעס צו העשלס קינדער און אייניקלעך. ער האָט געוואוסט, נישקשה, אַז העשלס קינדער וועלן אים אומקערן פאַר זיין טרחה. חברה קדישא האָבן זיך אויך געגרייט.

לעבן העשלס הויז איז געשטאַנען אַ כלי וואַסער, אַן איבער־געקערטע קווערטל אויף דער ערד. אידן, אידענעס, בחורים און מיידלאַך האָבן באַלאַגערט דאָס הויז. יעדערער האָט מיט־געבראַכט ליכט, דעם לעצטן כבוד פאַרן מת. דער מת איז גע־

לעגן אינמיטן שטוב. שפיצן שטרוי האָבן זיך ארויסגעזען אונ־
טערן מת, ווי זיי וואָלטן זיך געריסן צו באהעפטן מיט דער לעבע־
דיקער וועלט. אונטער אַ שוואַרצן טוך איז געלעגן דער מת
איינגעשרומפּן און פאַרגליווערט. די ליכט ארום מת האָבן ווי
תפילה געטאָן. פּייערלאַכקייט און טרויער האָבן די ליכט גע־
שפּרייט, און די שוואַרצע קנויטן האָבן ווי פּיאַווקעס זיך געקאַר־
טשעט אין די פייערן.

די ערשטע באַן האָט געבראַכט העשלס עטלאַכע קינדער; שוין עלטערע אידן מיט גרויע בערד. זיי זיינען אריין שטילע, יעדער באַזונדער האָט זיך צוגעבויגן צום טאַטנס קאָפּ... שטילער־הייט האָבן זיי געבעטן מחילה ביים געשטאָרבענעם טאַטן. שפּע־טער צו איז שוין דאָס הויז געווען פול מיט אייגענע, מען האָט ניט געוויינט, מען האָט ניט געקרעכצט. ס׳איז געשטאַנען אין הויז אַ שטילער זשומען, פול מיט דרך ארץ פאַרן מת...

בלויז איין רייזע, העשלס ווייב, האָט גערעדט אויפן קול: „ער איז געשטאָרבן ווי אַ צדיק, גרינג, אין שלאָף. גוטע מלאָכים וועלן אים באַגעגענען. זאָלסט זיך מיען דאָרט פאַר דיינע אייגענע. און זיין אַ מליץ יושר פאַר אונז. די ערד זאָל דיר זיין גרינג״.

אַ גאַנצע נאַכט זיינען העשלס קינדער און קינדס־קינדער גע־שטאַנען ארומגעשטעלט ארום מת. ברענענדיקע ליכט און קינדער פון ווייטע מקומות ארום טויטן. און אויף מאָרגן, אינמיטן טאָג, ווען אַלע קרובים זיינען זיך שוין אויפגעקומען, איז געווען די לויה. די זון האָט העל געשיינט און דורך אַלע גאַסן איז די שוואַרצע מיטה, הויך אויפגעהויבן, ווי געשוואומען. און העשלס פיר זין מיט די גרויע בערד זיינען געגאַנגען לעבן דער מיטה רואיקע, אויסגעגלייכטע און געפירט דעם אַלטן טאַטן צו זיין אייביקער רו...

# אַן ערשטלינג

שפּרינצע האָט ארויסגעקוקט דורך דעם אָפענעם פענצטער. זי האָט געקוקט אויף דעם זאַמדיקן וועג, וואָס האָט זיך געצויגן דורך די פעלדער. זי דערוואַרט טביה'ן, איר מאַן. ווען ניט די פּרנסה וואָלט זי אים ניט ארויסגעלאָזט אַ מינוט פון הויז. דאָס הויז שטייט אין מיטן פעלד. און דערצו האָט איר גאָט גע־שטראָפט וואָס זי האָט ניט קיין קינדער. זי איז מקנא איר טביה'ן. ער לויפט זיך אַן אַ גאַנצן טאָג, ער מישט זיך אויס מיט מענטשן. און אַז ער קומט אַהיים איז דאָס עסן פאַר אים געגרייט אויפן טיש, דאָס בעט אויסגעבעט. אָבער וואָס איז איר לעבן ווערט? אַז זי דאַרף זיך אַ גאַנצן טאָג ארומדרייען אַן עלנדע צווישן די פיר ווענט. ווען כאָטש איין קינדעלע וואָלט איר גאָט באשערט...

זומער איז נאָך אַ האַלבע צרה. די וועלט איז אָפן, די פעל־דער גרינען, נאָך אַ רעגן לויפן וואַסערלאַך, פויגלען בויען נעסטן אונטערן דאַך, און אַפילו די פליגן, די בינען מאַכן איר פריילעכער. און ווער רעדט ווען זי שפּאַצירט דורך די בייטן פון איר גאָרטן! זי זעט, דוכט זיך איר, ווי די אוגערקעס וואַקסן, זי הערט ווי די מערן וואָרצלען זיך טיפער, שפּיציקער; די בוריקעס גיסן זיך אָן אין בלויע פאַרבן און זיי רונדיקן זיך; אויך די קאַרטאָפל כאַפּן זיך אָן צען, צוועלף אויף אַ וואָרצל.

אָבער ווען עס קומט דער ווינטער גייט שפּרינצע אויס פאַר אומעט. די פענצטער זיינען פאַרשמידט און פאַרוואַקסן מיט ווייסע וועלדער, די ווינטן שרייען אין קוימען, די שויבן ציטערן אין גלאָזיקן געוויין, טריט פון חיות צירקלען איבערן שניי, אַ מענטש קומט זעלטן צוגיין אַהער; אַ גאַנץ ווינטער איז דאָס הויז פאַרווייעט מיט שנייאיקע בערג, בלויז דער קוימען זעט זיך ארויס

און אַ שמאָלער וועג אַן אויסגעטראָטענער פון טביה'ן צום ברייטן וועג, וואָס ציט זיך ווייט דורכן פעלד.

אָבער טביה'ס קול האָט איר פלוצים איבערגעריסן פון די רעיונות:

— שפּרינצע, קום זע וואָס איך האָב פאַר דיר איינגעהאַנדלט.

שפּרינצע איז צוגעגאַנגען צום וואָגן, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער אַנדערער זייט הויז. ערשט טיף אריינגעוואָלגערט אין שטרוי איז געלעגן אַ פערעסטע קאַלב מיט געבונדענע פיס. שפּרינצע האָט דאָס קאַלב אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ. דער פויער וואָס איז געשטאַנען לעבן וואָגן האָט אַ לאַך געטאָן אויפן קול. דערנאָך האָבן דער פויער און טביה מיט גרויס מאַטערניש דאָס קאַלב אריינגעטראָגן אין שטוב.

שפּרינצע האָט אויף שנעל איבערגעשניטן די שטריקלאַך פון דער קאַלבס פיס. דאָס קאַלב איז נאָך אַ ווײַלע געלעגן אויף דער ערד, האָט געצויגן די פיס... דערנאָך האָט זי ראַפּטאָם זיך אַ שטעל געטאָן, האָט אַלעמען אָנגעקוקט פאַרוואונדערט מיט גרויסע, פייכטע אויגן.

שפּרינצע האָט איינגעוויקט שטיקלעך האַרטע ברויט און איז צוגעגאַנגען צום קאַלב שעפּטשענדיק. דאָס קאַלב האָט איר אָנ־געקוקט שרעקעדיק, האָט פאַרריסן דעם עק און גענומען לויפן אין אַ ראָד. שפּרינצע האָט זיך נאָר געשראָקן, עס זאָל איר קיין שלעכטס ניט געשען, ווען דאָס קאַלב איז געבליבן שטיין מיט שטאַרק־סאָפּענדיקע זייטן. דאָס מאָל האָט זי אָנגעקוקט שפּרינצען פריינטלאַכער.

„קיין בייז אויג זאָל איר נאָר ניט שאָדן", האָט שפּרינצע געטראַכט.

שפּעטער־צו האָט שפּרינצע אריינגעטראָגן אַ קוליק שטרוי. זי האָט דעם קוליק שטרוי צעריבן אין די הענט, עס זאָל פּוכקע זיין פאַרן קאַלב. זי האָט די שטרוי אויסגעשפּרייט אין אַ ווינקל און ווען אין שטוב איז שוין געוועזן פינסטער און טביה איז שוין

געשלאָפן האַרט, האָט זיך שפּרינצע אַראָפּגעכאַפּט פון בעט זען דאָס קאַלב.

דאָס קאַלב איז געלעגן טיף איינגענורעט אין שטרוי, די פיס צונויפגעלייגט הינטער זיך און דער קאָפּ צוגעבויגן צו איר קער־פּער.

— אַ קאַרטינע! — האָט שפּרינצע געזאָגט אויפן קול. — אויסגעקיילעכדיקט, אויסגעגלעט און ס'אַראַ שיינער „מאַשטש"! און זי נעמט זיך צום עסן.

אויף מאָרגן, ווען טביה איז פרי ארויס פון הויז און שפּרינצע איז נאָך געבליבן ליגן אין בעט, האָט זי געזען ווי דאָס קאַלב גייט־ארום איבער אַלע ווינקעלעך, שמעקט, נישטערט. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען נאָענט צו שפּרינצען און געקוקט אויף איר מיט הונגעריקע אויגן. און אַז דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן האָט זי גענומען מעקען מיט אַזאַ קראַפט, אַזש די קליינע שייבלעך אין די פענצטער האָבן געציטערט. שפּרינצען איז זייער געפעלן גע־וואָרן דאָס יונגע, שטאַרקע קול.

— זע נאָר, זע נאָר, ווי יעדע באַשעפעניש האָט דאָס שכל פאַר זיך!

שפּרינצע האָט אָנגעשניטן בולבעס. דאָס קאַלב האָט מיט איר לאַנגער צונג געקושט שפּרינצעס האַנט...

***

דער ווינטער איז איבערגעלאָפן, אַז שפּרינצע האָט זיך כמעט ניט ארומגעזען. און ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן פרילינגן האָט שפּרינצע די טעליעצקע ארויסגעלאָזן אויף פּאַשע לעבן הויז, צוגעבונדן אויף אַ לאַנגן שטריק. כאָטש שפּרינצע ווייס, אַז „מאַרגאַריטקאַ" איז אַ קלוג באַשעפעניש, פונדעסטוועגן וויל זי זיך ניט פאַרלאָזן אויף איר קלוגשאַפט. זי קאָן גיין אין שאָדן. אַ צעלאָזן אינגל קאָן וואַרפן אַ שטיין.

פון טאָג צו טאָג איז די טעליעצקע געוואָרן פולער, עס זיינען ביי איר אויסגעוואַקסן קליינע, ווייכע הערנער, און עס איז שוין

געווען גוט קענטיק, אַז זי וועט זיך אַמאָל קעלבן. זי איז געוואָרן שווערער, פולער. אַן אייטער מיט פיר ראָזעווע פלעשעלעך האָט זיך געצייכנט אונטערן בויך. זי האָט אַ סך געררוט און געמאַלע־גיירעט און אַן אומעט האָט גערוט אין אירע אויגן. שפּרינצען האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט ווי „מאַרגאַריטקאַ" זיפצט.

און איינמאָל, ווען טביה האָט זיך געקליבן אַוועקגיין פון הויז, האָט אים שפּרינצע אָפּגעהאַלטן:

— מיר דאַכט, אַז היינט וועט זיך אונזער „מאַרגאַריטקאַ" אָפּקעלבן. זעסט ווי זי ליגט צוגענויגט מיט איר קאָפּ אויפן בויך?

און ווען טוביה מיט שפּרינצען זיינען ארויס אויפן פעלד צו מאַרגאַריטקען, האָבן זיי באשיינפּערלאך געזען, אַז זי גייט זיך קעלבן. מאַרגאַריטקאַ איז געלעגן אויסגעצויגן לעבן אַ בוים אין שאָטן, און גרינע, גרויסע פליגן זיינען איר באַפאַלן און זי האָט אפילו קיין כח ניט געהאַט זיי אָפּצוטרייבן מיטן עק, אָדער זי איז געווען אַזוי פאַרנומען מיטן האָבן דאָס קעלבל, אָדער אירע ווייטאָגן זיינען געווען אַזעלכע שאַרפע, אַז די בייסנדיקע, גרינע מחבלים האָבן איר ניט געאַרט.

טביה האָט ארויסגעטראָגן פון הויז אַן עמער וואַסער, אַ מעסטל זאַלץ און שטריק. ער האָט ארומגעפּאַדעט ארום מאַר־גאַריטקען, און ווען עס האָבן זיך באוויזן צוויי שמאָלינקע, צונויפּ־געלייגטע, נאַסע, האַריקע פיסלעך אויף דער זייט וועלט, האָט טביה אויף גיך ארייננגענומען די פיסלעך אין שטריק און געוואָרט ווען מאַרגאַריטקאַ האָט מיט טיפע קרעכצן נאָכגעלאָזן, האָט ער דאַן אַ צי געטאָן די שטריק...

מאַרגאַריטקאַ האָט געקרעכצט, ווי להבדיל אַ מענטש, און פון אירע נאַז־לעכער האָט געשלאָגן דאַמף. שפּרינצען זיינען פאַרלאָפן די אויגן פון טרערן.

— ניטאָ קיין מזל, טביה! די טעליעצקע עקט זיך.

— זיי ניט קיין נאַר, שפּרינצע! פאַרגעס ניט, דאָס איז

אַן ערשטלינג. דערווײַלע גייט כשורה. אַבי דאָס קעפּל איז שוין אויף דער זייט וועט זי שוין דורכקומען.

מיט אַמאָל האָט זיך מאַרגאַריטקאַ אַזאַ קאָרטשע געטאָן, ווי אַ שטיק פּייער וואָלט איר דורכגענומען, און די גרינע פליגן האָבן זיך אַ הויב געטאָן פון איר ווי אַ וואָלקן... אַ טיפער קרעכץ האָט דורכגענומען דעם דרויסן. נאָך דעם קרעכץ איז אַ רויט, נאַס קעלבל אַרויסגעשווינקט געוואָרן פון מאַרגאַריטקע׳ס גע־דערים.

טביה האָט געשאָטן זאַלץ איבער דעם נאַר־וואַס געבוירענעם נאַסן קעלבל. אויך מאַרגאַריטקאַ מיט דער לאַנגער צונג האָט מיט אימפּעט און מיט נצחון געלעקט דאָס זאַלץ. פון דעם רויטן קעלבעלע האָט זיך געהויבן אַ פּאַרע און עס האָט זיך געסטאַרעט אויפשטעלן.

שפּרינצע האָט געקוקט אויף מאַרגאַריטקען, וועלכע איז גע־לעגן אונטערן פרייען הימל, און שפּרינצע האָט מיט אַמאָל דער־פילט אַ טיפע קרובה׳שאַפט צו דער חיה. און דאָס קליינע קעל־בעלע איז אויסגעקומען ביי שפּרינצען, אַז דאָס איז אויך אַ טייל פון איר...

# אַ קימפּעטאָרן

דוואָשע האָט זייער פּאַוואָלינקע אַרויפגעשטעלט די שיסל זויערע אוגערקעס אויפן טיש און האָט אַ זאָג געטאָן צו אירע צוויי גרויסע זין, הירשל און זעליק:

„עסט, קינדערלעך, זשאַלעוועט ניט, די פּאַס האָט פינף רייפן און זי איז נאָך פול מיטן ווערך".

זי האָט ארויסגענומען אַן אוגערקע פון שיסל, אַ גלייכע, אַ דינע, מיט אַ סך פּרישטשעקלעך. זי האָט די אוגערקע איינגע־ביסן אין העלפט, האָט זיך פּאַסמאַקעוועט און געזאָגט:

„ס'האָט זיך מיר נאָך קיינמאָל אַזוי ניט איינגעגעבן, ווי דאָס פּעסל... ערשטנס, דאַרפט איר וויסן, קינדערלעך מיינע, אַז יעדע אוגערקע האָב איך איבערגעהאַלטן אין האַנט, און, צווייטנס, וואָס האָב איך דאָ נישט אריינגעלייגט אין דעם פּעסל? אַ שטומער קען דאָס ניט ארויסרעדן אין אַ יאָר. איר האָט דאָ קנאָבל, קראָפּ, קאַרשן־בלעטער, ענגלישן פּעפּער און וואָס ניט?... נאָר צו וואָס דאַרף איך אייך אויסרעכענען אָט די אַלע זאַכן, איר ווייסט דען עפּעס?... אייך גיט נאָר פּאַרטיקע אין מיילעלע אריין".

זי האָט ארויסגענומען אַ צווייטע אוגערקע פון שיסל. זי האָט זי אויפגעגעסן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ביינקל לעבן טיש, מיט די הענט אויפן בויך און איר פּנים האָט אינגאַנצן אויפ־געפלאַמט פאַר בושה.

„קינדערלעך", האָט זי ווייטער ארויסגעזאָגט, ווי זיך אויפ־כאַפּנדיק פון שלאָף, „וואָס וואָלט געווען, אַ שטייגער, ווען אייער מאַמע גייט האָבן אויף דער עלטער אַ נייעם קוויטשערל?..."

הירשל, דער עלטערער זון, האָט אָפּגערוקט דאָס עסן. און זעליק האָט אָנגעקוקט זיין מאַמען. ער האָט ניט באַנומען אירע רייד...

„נו, וואָס פאַרשטייט איר ניט?" איז שוין דוואָשע געוואָרן תכיף ביי זיך, „איך גיי האָבן אַ קינד; אַזוי האָט גאָט באַשערט און נעמט דאָס אָן פאַר גוט".

זי האָט ניט פאַרענדיקט רעדן. פון אירע אויגן האָבן ארויס־געשפּאַרט טרערן, פולע, הייסע, און זיי האָבן זיך געקייקלט אין פּאַסיקלעך אויף אירע באַקן. און ביידע זין, הירשל און זעליק, זיינען געבליבן זיצן שטומע, מיט פאַרפּלאָנטעטע פּנים'ער, און ווי אימיצער וואָלט זיי צוגעשמידט צו די ביינקלעך...

זינט נאָך די פּאָר ווערטער, וואָס דוואָשע האָט אַ זאָג געטאָן צו אירע צוויי גרויסע זין, איז אין שטוב געבליבן הייגגען אַ וואָלקן...

בענדעט, דער טאַטע, פלעגט גלייך מיטן פרימאָרגן זיך אַוועק־זעצן ביים וואַרשטאַט, אָנגעטאָן דעם לאַנגן, לעדערנעם פאַרטוך; די אַרבל פאַרקאַשערט איבער די עלנבויגנס; די הענט דאַרע, אָדערדיקע, פאַרשוואַרצטע, האָבן געאַרבעט מיט צוואַנג און האַמער, באַוועגלעך און שנעל; דאָס האָט מען אַפילו געקאָנט זען אָן זיין גרוילעכער באָרד, וואָס האָט געציטערט אויף זיין ברוסט.

די צוויי זין, הירשל און זעליק, זיינען שוין געווען גאַנצע בעלי מלאָכות. זיי זיינען געזעסן פון ביידע זייטן וואַרשטאַט, האַרט לעבן טאַטן. אין זייער אַרבעטן איז געווען מער ווי באַוועג־לעכקייט און שנעלקייט. ביי זיי אין די צוואַנגגען האָט זיך דער קאַפּול געגעבן מיט אַ קרעכץ...

דוואָשע האָט זיך לעצטנס ניט באַוויזן ביים וואַרשטאַט. זי האָט זיך ארומגעשאַרט אין דער גרויסער שטוב אין פאַנטאָפל. זי האָט זיך געשעמט מיט איר גרויסן בויך ווי אַ דייזשע און מיט איר צעפלעקטן פּנים. זי האָט זיך אַ גאַנצן טאָג ארומגעשאַרט אין די ווינקעלעך פון שטוב און האָט ניט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן. דאָס עסן וואָס זי האָט אָנגעגרייט פאַר איר מאַן און די זין, האָט זיך איר געדוכט, אַז זיי וועט דאָס ניט שמעקן — ווידער אַ ראָסלפלייש און אָבער אַ טייגעכץ. אַ גאַנצן טאָג רעדט צו איר

קיינער ניט. שטום געוואָרן די שטוב... נאָך אַ שטיקל גליק, וואָס זיי אַרבעטן און עס קלאַפּן די האַמערס...

זי געדיינקט ווען זי איז טראָגעדיק געוואָרן מיט הירשלען; ווי זי האָט שעמעוודיק דערציילט איר מאַן, בענדעטן, ווי אים האָט זיך דאָס צעשיינט דער פּנים... זי דערמאָנט זיך, ווי שטאַרק און יונג איר בענדעט איז נאָך דעמאָלט געווען. זי האָט געכאַפּט אַ קוק ביים וואַרשטאַט, וואו בענדעט איז געזעסן איינגעבויגן און זיין גרוילעכע באָרד האָט געציטערט אויף זיין ברוסט...

מילא, די טעג, ווי די טעג, זיינען נאָך ווי־עס־איז דורכגע־קראָכן פּאַר דוואָשען. זי איז געווען פאַרנומען מיטן קאָכן און וואַשן. זי רעדט מיט ביילען, איר שכנה, וועלכע טרייסט זי:

„נישקשה, דוואָשע, שרעקט זיך ניט! איר וועט מירצאַשעם אַריבערקומען! איר וועט האָבן אַ קינדעלע, אַ לעבעדיקס, אַ געזונטס, אַ אינגל צי אַ מיידל; וואָס גאָט וועט אייך באַשערן. איר וועט זען, דוואָשעניו קרוין, עס וועט זיין ביי אייך אַ פריידאויף דער עלטער"...

אָבער אין די נעכט מאַכט דוואָשע ניט צו מיט אַן אויג. זי וואַרפט זיך ווי אַ געבונדענע שעפּס. אירע צוויי זין שלאָפן האַרט און איר מאַן אויך ניט צו פאַרזינדיקן. אָנגעהאָרעוועטע, נעבעך. זי וואָלט געוואָלט אַראָפּגיין פון בעט צו אירע צוויי זין און זיי אָפּשפּיליען די העמדער ביים האַלז, נאָר לעצטנס טוט זי דאָס ניט; זי סמייעט ניט. זיי זיינען געוואָרן פרעמד צו איר און זיי טראָגן אויף איר אַ כעס... זי וואַרפט זיך אויף איר געלעגער אַ פאַרטרונקענע אין שלעכטע געדאַנקען... זי דערלעבט קוים טאָג, שלעפּט זיך אַראָפּ פון בעט אַ שווערע, אַ בלאַסע, מיט רויטע אויגן פון וויינען און ניט שלאָפן. און לעצטנס איז איר שוין אַפילו שווער אָפּצוקאָכן דאָס טעפּל. זי איז אַזוי שווער און אָפּגעשוואַכט און געפאַלן ביי זיך אין מוט. ווען ניט ביילע, איר שכנה, וואָלט זי אפשר געפאַלן אין די האַלאַבליעס. זינט זי איז אויף דער צייט, טאָגט און נעכטיקט ביי איר ביילע, ניט געבעטענערהייט. ביילע

זעט ביי איר אויס, ווי איר מאַמע וואָלט צוריק לעבעדיק געוואָרן; נאָר זי זעט אויס אַנדערש און מען רופט אירביילע...

זי האָט געזען ווי ביילע גרייט־צו ווינדעלעך, ציכעלעך. און איינמאָל, ווען אירע זין זיינען ניט געווען אין הויז, האָט ביילע אַפילו אַ וויגעלע אריינגעטאַשטשעט. זינט ביילע שלאָפט ביי איר אין הויז דרעמלט זיך דוואָשען צוביסלעך.

איין פאַרנאַכט האָט זיך דוואָשע דערפילט שלעכט פּלוצים. שטאַרקע ווייטיקן אין רוקן. ביילע האָט אויף גיך אויסגעבעט דאָס בעט, אַ ווייסע ליילעך פאַרשפּרייט, ווייסע ציכלעך אויף די קישנס אָנגעצויגן. זי האָט אויף גיך פאַרהאַנגען די פענצטער, און האָט דוואָשען מיט ווייבערשער געשיקטקייט, מען קאָן זאָגן מיט גבורה, אריינגעלייגט אין בעט. זי האָט געקוקט דוואָשען אין די אויגן מיט גליקזעליקייט און טרייסט.

דוואָשע האָט האַלב פאַרשלאָסן די אויגן, האָט פאַרשטשעמע־וועט די ליפּן און מיט כח און איינגעשפּאַרטקייט געוואָלט פאַר־שווייגן די ווייען, וואָס האָבן איר ארומגעכאַפּט ארום און ארום. אַ געשריי האָט זיך ביי איר ארויסגעריסן. אַ געשריי אַ רעווע־דיקער, אַ פאַרגייענדיקער און מיט אַ צעשפּריצטן, לאַנגן, מסוכנ'עם קוויטש...

דאָס קינד איז געקומען גיך אויף דער ווייסער וועלט. אַ אינגל, אַ וואוקסיקער, אַ רויטס, מיט אַ געזונטן קול...

ווען ביילע האָט אָנגעזאָגט הירשלען מיט זעליקן די שמחה און זיי אָפּגעגעבן מזל־טוב, זיינען זיי ביידע אריין פאַרשעמטע צו דער מאַמען אין קאַמער.

דוואָשע איז געלעגן אין דער קלאָרער בעט אַ בלאַסע, אַן אָפּגעשוואַכטע, מיט אַ גליקלעכן שמייכל. זי האָט שוואַך אויס־געצויגן די הענט צו זיי. זיי זיינען צוגעפאַלן צו דער מאַמען און זי געקושט אויף די באַקן און זיי האָבן געוויינט.

און בענדעט איז געשטאַנען לעבן דוואָשען אַן אויפגעשייג־טער, אַזוי ווי ער וואָלט איינגער געוואָרן.

# אַנטוואוינט דאָס קינד

יאָסעלע איז געלעגן איינגעזונקען אַ הוילער טיף אין אַ קישן. און מרים, זיין מאַמע, האָט אים געקושט די פיסלעך, די ראָזע הענטלעך. יאָסעלע האָט געלאַכט אויפן קול, ס'האָט אים גע־קיצלט. די מאַמע האָט מיטגעלאַכט. זי האָט אויפגעשטעלט איר זונעלע, איבערגעטאָן אים אַ טרוקענע קליידל. — נו, וויין ניט, מיין הונגעריק קינדעלע. זי האָט אים אַ לייג געטאָן אין איר שויס און ראַשיק אָן עפן געטאָן דעם בוזעם. יאָסעלע האָט פאר אַ ווײַלע געקרימט דעם מויל, געזוכט, און ווען די ערשטע פּאָר שפּריצן פון זיין מוטערס מילך האָבן אַ וואַרעם געטאָן אויף זיין יונגן גומען, האָט ער פּאָר גרויס הנאה פאַרמאַכט די אויגלעך, און מיט די קליינע דורכזיכטיקע הענטלעך ארומגעכאַפּט די ברוסט, און מיט די פינגערלעך געשפּילט ווי אַף אַן אינסטרומענט.

זיי זיינען געבליבן שטיל. אַן איינגעוועבטע, איינגעוואַקסענע שטילקייט האָט די מוטער מיטן קינד פאַרהילט. יאָסעלע האָט מיט פאַרמאַכטע אויגן גיריק געזויגן. מרימען איז געוואָרן גרינ־גער און גרינגער... זי האָט געקוקט אויף דעם קליינעם אויסגע־רונדיקטן נפש'ל, וואָס ליגט צוגעקלעפּט צו איר ווייסע ברוסט, ציט און שמאַקטשעט מיט פיל טעם.

זי האָט אים איצט געזען אַן אויסגעוואַקסענעם הויכן מאַן, מיט שטאַרקע הענט. ער וועט זיין צוויי מאָל אַזוי הויך ווי דער טאַטע. פרעמדע מענטשן וועלן ניט גלויבן, ס'איז איר זון. — פּלוצים איז זי אויפגעשפּרונגען, געשלאָגן דאָס אינגעלע איבער די הענטלעך. דאָס קינד האָט אָפּגעלאָזן די ברוסט און זיך פאַר־גאַנגען אין געוויין. — וועסט זיך נאָך אַמאָל בייסן?! דראַפּען?! — זי האָט איצט ניט איינגעשטילט יאָסעלען, ווייל ס'איז געווען אַ וויינען פון אַ זאַטינקן אינגעלע וואָס האָט דער מאַמען געוואַלט

שלעכטס טאָן. מרים האָט צום ערשטן מאָל דערזען: אַז איר יאָסעלע איז אויסגעוואקסן. פאַרנעמט דאָס גאַנצע וויגל... פון זיין אָפענעם מיילכל זעען זיך פאָרנט עטלעכע שאַרפע ווי פאַר־צעלייענע ציינדלעך.

— פון היינט מאָל אָן, מיין קינד, וועסטו איבערגיין אויף אייגענעם קעסט...

אָבער יאָסעלע האָט זיך ווייניק וואָס צוגעהערט. ער האָט געבריקעוועט אין וויגל, אריינגעכאַפּט די פיסלעך אין מויל, גע־פּאַטשט קיכעלעך, און געברוקעט ווי אַ טויב. — די מאַמע האָט זיך איבערגעבויגן, געקושט זיינע גלידער. זי האָט אים ארויס־גענומען פון וויגל, אים אָפּגעשטערקט פון זיך. מאַמע און קינד האָבן געקוקט מיט פריידיקע לאַכענדיקע אויגן...

זי האָט אים אריינגעלייגט אין וויגל און לייכט אָנגעשריען אף אים: — פאַרמאַך די אויגן און שלאָף. — זי האָט מיטן רעכטן פוס געוויגט דאָס וויגל און שטיל געזונגען.

יאָסעלע האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעוואָרפן אין וויגל און איז פאַמעלעך איינגעשלאָפן אין זיין זאַטקייט. פון אָנפאַנג שלאָף האָט ער עטלעכע טיפע זיפצן געגעבן. זיין קינדערשער זכרון האָט פון זיין שלאָף ארויסגערופן די זיפצן, וואָס די מאַמע האָט אים געשלאָגן, וואָס די מאַמע האָט אף אים געשריען... דער שלאָף איז טיפער געוואָרן איבער אים. ער איז געלעגן אויפן פּלייצקע, דאָס גלאַטע פּנים׳ל צאַרט, יונג גערויטלט. דאָס מיילכל ווי אַ געעפנטע ווילדע בלום, האָט געזויגן אין חלום.

און די מאַמע, אַ פאַרשעמטע פון גרויס גליק, איז געשטאַנען איבערן וויגל מיט אַן אָנגעקוואָלן האַרץ. זי האָט איבערגעדעקט דאָס וויגל מיט טיול, קיין פליגן זאָלן אים ניט בייסן. זי האָט אויך פאַרהאַנגען די פענצטער, די זון זאָל אַזוי ניט באַקן... זי האָט געטראַכט: ס׳איז ניט אַזוי גוט אין די זומערדיקע לאַנגע טעג צו אַנטוואוינען אַ קינד. אָבער זי קען ניט אָפּלייגן. די שכנות לאַכן פון איר: אַזאַ גרויסן בחור זויגט זי נאָך. ער

דראַפּעט, און ער בייסט זיך. זי האָט ניט גענוג מילך פאַר אים, ווייל זי טראָגט אונטערן האַרצן אַ צווייטע קינד. שוין דאָס דריטע מאָל ווען זי גיט יאָסעלען זויגן, שטויסט זיך יענע קינד און רודערט אין די טיפן. — זי ווייס אַלץ וואָס זי האָט צו טאָן. פּערל די שכנה האָט מיט איר גוט איינגעלערנט...

זי האָט זיך גענומען גרייטן צו אַנטוואוינען יאָסעלען ווי צו אַ הייליקן אַקט. — זי האָט אויפגעזאָדן טיי. די טיי האָט זי גע־מאַכט זיס און געלאָזן אָפּקילן. אין די טיי האָט זי איינגעווייקט אַ שטיקל טרוקענע חלה. זי האָט אָנגעגרייט די פּעפּער, די ריצן־אייל, זאָל דאָס שטיין אויבן אויף.. זי האָט אויך אויפגעזוכט שפּיל־צייג. ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט די אַלע זאַכן, האָט זי גע־וואָלט אַז איר אינגעלע זאָל זיך וואָס גיכער אויפכאַפּן. ווייל זי איז געווען פול אַנטשלאָסן דורכצופירן דאָס, וואָס אירע עלטער־עלטער באָבעס האָבן געטאָן.

אָבער יאָסעלע, ווי אַ מלאך וואָלט אים אָנגעזאָגט, וואָס עס קלייבט זיך אויף אים... ער איז געשלאָפן פול און פאַרטאָן. זיין גאַנץ פּנים׳ל האָט געבליט אין וואונדער, אין קינדישן חלום...

פאַרנאַכט האָט זיך יאָסעלע אויפגעכאַפּט מיט אַ געוויין. מרים האָט אָפּגעשפּיליעט דעם בוזעם, ארויסגענומען פּאַמעלעך די ברוסט, איינגעשמירט דאָס מיילכל פון דער ברוסט מיט ריצן־אייל, אָנגע־שאָטן פּעפּער. זי האָט צוגעדריקט יאָסעלען צו זיך. אַ ווײַלע איז דאָס אינגעלע שטיל געוואָרן. נאָר מיט אַמאָל האָט ער אַוועק־געקערט דאָס פּנים׳ל און זיך פאַרקייכט אין געוויין. מרים האָט ארומגעשפּרייזט, יאָסעלען צוגעטוליעט צו זיך: — שאַ, שאַ, לעבן מיינס. זי האָט אים מיט געוואָלט געפּויעט. ער האָט די טיי גרימיק אויסגעגאַווערט. און דאָס שטיקל צעווייקטע חלה האָט ער אויסגעשפּיגן. ער האָט זיך געצויגן מיט זיינע קליינע הענטלעך צו דער מאַמעס ברוסט. די מאַמע האָט אים צוגעטוליעט צו איר אָפענעם בוזעם. די פּעפּער האָט אַ ברי געטאָן אָף זיינע ליפּלעך.

ער איז זיך פֿאַרגאַנגען, בלוי געוואָרן, און זיין קינדיש הערצל האָט זיך געהויבן און געקלעמט.

די קורצע זומער־נאַכט האָט זיך געצויגן פאר מרימען ווי אַ יאָר. זי איז געלעגן וואַך אויפֿן ברעג־בעט. דאָס וויגל לעבן איר. יאָסעלע האָט זיך געוועקט אַלע ווײַלע, ער האָט געיענטשעט אַן אומבאהאָלפענער, אַן אָפּגענאַרטער. און די יונגע מאַמע האָט מיט־געווײַנט, מיטגעליטן טיף און פֿאַר'עקשנ'ט. — אַ פּאָר טעג איז די מאַמע מיטן קינד געווען קראַנק. עס האָט אין איר ברוסט די מילך געשפּאַרט, געשטאָכן. און דאָס קינד האָט זיך געזשיוועט מיט אַ ברעג טיכעלע, וואָס איז געווען אײַנגעווייקט אין זיסע טיי. — אַ העלפֿט קינד געוואָרן: דאָס שטימעלע שוואַך, דאָס פּנימ'ל בלאָס, די ליפּלעך פֿאַרטריקנט. און די מאַמע ניט קיין געגעסענע, ניט קיין דערשלאָפֿענע, איז ניט אָפּגעטראָטן פֿון יאָסעלען. —

ערשט אויפֿן פֿערטן טאָג, ווען יאָסעלע האָט געגוואַדזגעט אַ שטיקל צעווייקטע חלה, האָט מרים אָפּגעשפּיליעט דעם בוזעם און אים אַ ווייז געטאָן די ברוסט. יאָסעלע האָט אָפּגעדרייט דאָס פּנימ'ל מיט פֿײַנטשאַפֿט און זיך אויף ס'נײַ צעווײַנט. —

און די מאַמע איז ארויפֿגעפֿאַלן אַף אים מיט הייסע קושן און מיט אַ נײַעם קוואַל פֿון ליבע: פֿאַר יאָסעלען און אויך פֿאַרן קומענדיקן קינד...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

# דער שוועער און די שנור

צאַליע, אַ איד אין די זעכציקער, מיט אַ צוויייענדיקער רויטער באָרד, האָט איינגעשפּאַנט מורקען, דעם יונגן פערד אין דער בריטשקע. — דאָס פערד האָט געהירזשעט און דער זומער־דיקער שטילער דרויסן האָט געענטפערט מיט וויטע עכאָס...

צאַליע האָט געקוקט אויף זיין ווייסער הויז, מיט די ברייטע גאַנעקעס, אויף די שטאַלן און שייערן. דאָס אַלץ געהערט אים... און ווי וויט זיין אויג קען זען ציען זיך זיינע טאָרף פעלדער... ניט אומזיסט האָט ער איינגעהאַנדלט פאַר זיין בן יחיד אַ יפת תואר... וואָס וועט איר פעלן דאָ? פון קיין פויגל מילך... — זיין זון איז טאַקע ניט אַזאַ גבור און ניט קיין איבערגעשפּיצטער. וואָלט ער כאָטש האָבן דעם טאַטנס קוראַזש... — אָבער סיי ווי סיי די שנור האָט זיך ניט אָפּגענאַרט... צאַליע לעבט נאָך! און ער וועט אַכטונג געבן עס זאָל איר ניט אָפּגיין פון קיין זאַך דאָ... ער וועט איר היינט אויספירן איבער אַלע ווינקעלאך פון זיינע טאָרף־פעלדער, — זאָל זי זען מיט אירע אייגענע אויגן, וואָס עס וועט אַמאָל געהערן צו איר...

און ווען צאַליעס שנור, רחל, איז ארויס פון הויז, אין אַ לייכטע זומערדיקע קליידל, מיט אַ יונגן גערויטלטן פּנים, איז צאַליע איר געגאַנגען אַנטקעגן, מיט דעם גאַנג, ווי ער וואָלט געווען אירער אַ טאַטע... אָבער אין זיינע טריט איז אריינגעפאַלן אַזאַ גרינגקייט, אַז ער האָט זיך אַליין דערשראָקן... ער האָט זיך אַ גלעט געטאָן זיין רויטע באָרד, צו ווייזן זיין שנור, אַז ער איז אַ באַיאָרנטער איד...

נאָר ווען ער האָט געהאָלפן זיין שנור זיך אריינזעצן אין דער בריטשקע, האָט זי איבערגעגלעט איר האַנט, וועלכע איר שוועער האָט צונויפגעדריקט... זי האָט אַ שמייכל געטאָן, וואָס

האָט זיך פאַרטייטשט: פאַרוואָס איז זיין גבורה ניט אריין אין זיין זון?... זי האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן איר מאַן דוד'ן מיט רחמנות...

צאַליע האָט אַ סמאַקע געטאָן מיט די ליפּן און ער האָט לייכט אַ צי געטאָן די לייצעס. און מורקע, דער פערד, האָט מער ניט געדאַרפט... ער האָט אַ ריס געטאָן די בריטשקע און ווי אַ ווינט האָט ער דורכגעצויגן דורך דער שלאָפנדיקער, לאַנגער, דאָרפישער גאַס. די הינט האָבן זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ בילעריי.

ווייט און ברייט האָבן זיך געצויגן צאַליע'ס טאָרף־פעלדער, מיט ווילד פארוואָקסענע הויכע גראָזן, און דער וועג דורך די פעלדער — 2 איינגעשניטענע טיפע קאָלייעס, און דעם פערד'ס טריט ווי אויף סאַמעט...

„זעסט, רחל'ע!", האָט זיך צאַליע אָפּגערופן, „דאָס אַלץ געהערט מיר, ביז דאָרט ווייט, וואו די שייערן שטייען. — און איך בין ניט שולדיק אויף דעם קיין פּיאַטאַק!... — די ערד איז דאָ אַזאַ געבענשטע, אַן אַ שטיינדעלע... — און וואָס ס'איז שייך מיין דוד'ן! ער איז ניט ווייט אַוועק פון טאַטן, ער האָט ליב דאָס פעלד, ער איז אויסגעבונדן מיט דער אַרבעט"...

אָבער רחל איז געווען פאַרנומען מיט אַנדערע רעיונות... די ברייטע פעלדער, מיט די הויכע ווילדע גראָזן, האָבן איר גע־שכור'ט. זי האָט געהאַלטן האַלב פאַרמאַכט די אויגן, פאַר־בלענ־דעניש... און אויך פאַר די געדאַנקען, וואָס האָבן ווי פויגל גע־קרייזט ארום איר... זי האָט געטראַכט וועגן איר דוד'ן, מיט וועלכן זי וואוינט צוזאַמען. ער איז אַ גוטער, נאָר ווען ער רעדט צו איר ציטערט מאָדנע זיין שטים... זיין יונגער פּנים איז שיטער פאַרוואָקסן, און אויף זיינע באַקן שפּילן רויטע פלעקן. רחל ציטערט אויף, ווען זי זעט די פלעקן...

נאָר ווען צאַליע האָט אָפּגעשטעלט דעם פערד, האָט רחל געעפנט די אויגן: קלויסטערלאַך טאָרף האָבן זיך געצויגן אין שעריינגעס, שוואַרצע, גרויסע, אָפענע שייערן האָבן זיך געזען.

זי האָט פון וויטן דערקאָנט דוד'ן. זי האָט געלאַכט צו אים, גרויס פרייד האָט באוועלטיקט זיין פּנים... ער איז צוגעקומען צו דער בריטשקע. רחל האָט אים אָנגענומען פאַר די הענט, זיינע הענט זיינען געווען הייס. ער האָט געקוקט אויף רחל'ען מיט אַ סך ליבשאַפט און אונטערטעניקייט. אָבער די זעלבע שוואַרצע, הייסע אויגן דוד'ס האָבן קורץ אַ קוק געטאָן אויף צאַליע'ן אומהיימלאך...

צאַליע האָט באמערקט זיין זונס אומרואיקייט... ער האָט געהאַנדלט שנעל:

„וואָס זאָגסטו, מיין זון? איך גלויב, עס קלייבט זיך אויף אַ רעגן. — ס'וואָלט אפשר געווען אַ פּלאַן אָנצודינגען נאָך מענטשן?"

„וואו וועסטו קריגן מענטשן אויף דער הייסער מינוט?" האָט זיך דוד אָפּגערופן מיט אַן אָפּגעהאַקטן קול...

„איך וועל אַ פּאָר טאָן אין דעם נאָענטן דאָרף, — אין אַזאַ פאַל שפּילט ניט קיין ראָליע וויפיל ס'וועט קאָסטן".

„וואָס זאָגסטו, מיין שנור?"

און ווען צאַליע האָט אַ צי געטאָן די לייצעס און מורקע האָט פריילעך אַ הירזשע געטאָן האָבן צאַליען דודס אומהיימלאכע אויגן ווי דורכן פלייצע דורכגעשטאָכן. און אויף רחל'ען האָט דוד געקוקט: אי מיט ליבע, אי מיט אומעט...

הויכע ווילדע גראָזן האָבן געשלונגען די בריטשקע. און די ערד האָט זיך געהוידעט, ווי אַ גרויסע וויג. רחל האָט גע־האַלטן פאַרמאַכט די אויגן. איר קאָפּ גערויגט צו צאַליע'ס אַקסל. אירע שוואַרצע האָר אויסגעמישט מיט זיין רויטער באָרד, ווי פייער און רויך... צאַליע האָט געטריבן דעם פערד, געצויגן די לייצעס, געקנאַקט מיט דער בייטש. און ער איז געזעסן אָנגעצונדן ווי אין אַ פלאַם...

און ווען ס'האָט זיך באוויזן פון וויטן דער דאָרף, האָט צאַליע, ווי פרייער אָפּגעאָטעמט...

— רחל'ע! האַלט צו די לייצעס. איך וועל זיך אַראָפּ־כאַפּן אין אַ פּאָר הייזער. איך וועל אויפיאָגן מענטשן, וויפיל ס'וועט זיך לאָזן. — עס וועט זיכער אויסברעכן אַ רעגן צו נאַכט צו. — אַ סימן האָסטו, די לאַסטעווקעס דרייען זיך נידעריק ביי דער ערד...

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן. רחל האָט אים נאָכ־געקוקט: ס'אַראַ ברייטע פּלייצעס! האָט זי צו זיך געזאָגט, ס'אַראַ גלייכער גאַנג!... און דער קוראַזש אין אים ווי ער וואָלט אַלט געווען צוואַנציק יאָר... זי האָט געזען, ווי ארום איר שווער האָבן זיך ארומגעקליבן יונגע און עלטערע פּויערים, זיי האָבן זיך פאַרנויגט פאַר אים. און פון ווייטן האָט זי געהערט איר שווערס קול, קלאָר און שטאַרק האָט זיין שטים אָפּגעקלונגען. און אין רחל'ס האַרץ האָט עפּעס אַזוי שטאַרק געזאָטן און דאָס בלוט האָט איר געשלאָגן צום פּנים... זי איז געזעסן צעטומלט און איבערגעפּילט מיט ניט קיין קלאָרע געפילן: דער שווער! איר מאַן דוד...

צאַליע איז צוגעקומען צו דער בריטשקע מיט אַ סלויטשיקל האָניק:

„זעסט, רחל, דאָס האָבן מיר די פּויערים געגעבן פאַר מיין שיינער שנור"...

צאַליע האָט אַ שמייכל געטאָן צו רחל'ען אַזוי נאָענט און וואַרעם און זיין פּנים האָט זיך צעשיינט ווען רחל האָט זיך לייכט צוגעטוליעט צו אים...

ווען צאַליע איז ארויסגעפאָרן פון דאָרף, האָט ער זיך פאַר־נומען צוריק דורך זיינע טאָרף פעלדער. די לייצעס האָט ער פאַרבונדן ארום בריטשקע און געלאָזן גיין מורקען פוס־טריט.

— ער וועט שוין טרעפן אַליין אַהיים, — האָט זיך צאַליע אָפּגערופן צו רחל'ען.

רחל האָט ניט געענטפערט מיט קיין ווערטער, נאָר מיט אַ שמייכל, וואָס האָט אָנגעצונדן צאַליעס האַרץ...

ס'איז שוין געווען פאַרנאַכטלעך, ביים ברעג הימל האָט אַ פויזענדיקער וואָלקן געברענט און שפּיזיקע שטראַלן האָבן ארויס־געקוקט פונם וואָלקן. אַ קילער ווינט האָט געבלאָזן און די הויכע ווילדע גראָזן האָבן זיך צעוויגט, געשפּרייט שכרות'דיקע ריחות. מורקע האָט פון וייל צו וייל געהירזשעט און אַ שטאַרקער נאָכ־קלאַנג האָט זיך געקייקלט איבערן פעלד.

„די חיה פילט אַן איבערבייט"... האָט זיך צאַליע אָפּגערופן. רחל האָט ניט געענטפערט, זי האָט געהאַלטן האַלב פאַרמאַכט די אויגן און אירע שמאָלע אַקסלען האָבן געציטערט.

צאַליע האָט אויסגעטאָן זיין רעקל, און איינגעטוליעט מיט דעם זיין שנור. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן שווער מיט פייכטע וואַרעמע אויגן, און איר מויל, אַביסל צעעפנט, איז געווען פאַר־חלש'ט... — פּלוצים האָט זי אַ כאַפּ געטאָן איר שווערס ברייטע האַריקע האַנט. רחלס שמאָלע הענטל האָט געקראָגן אַ ווילדן כח...

אַ קינדערשער פּנים האָט געאָטעמט אויף אים. די אָדערן אויף איר האַלז האָבן געשלאָגן הויך. זי האָט געפלאַטערט אין זיינע הענט, ווי אַ געפאַנגענער פויגל.

און די נאַכט איז געלעגן אויסגעשפּרייט מיט מיליאָנען אָנגעצונדענע שטערן...

# ביי אַ חולה מסוכן

— אַ גוטער אָוונט אייך, באַשע.

— אַ גוטער אָוונט, אַ גוט יאָר. וואָס וועט איר עפּעס זאָגן גוטס, רב נחום?

— עך, וואָס זאָל איך זאָגן? אַ ברענענדיקער פראָסט אין דרויסן. — נחום האָט זיך געריבן די הענט און אַ טאָפּ געטאָן דעם אויוון.

— אייער אויוון איז ווי ביי אַ טויטן דער קאָפּ. וואָס איז, באַשע, מען האָט שוין אויסגעהאַקט אַלע וועלדער? מען קריגט שוין ניט קיין האָלץ?

— אַ דאגה מיט האָלץ!... איר מעגט מיר גלויבן, רב נחום, אַז איך זשאַלעווע ניט הייצן. אָבער אַז עס העלפט ניט, איז דאָך ניט שייך. וואָס איך זאָל ניט אריינוואַליען אין דעם אויוון איז גאָרניט — דאָס האָלץ פלאַקערט אויס ווי שטרוי...

— באַשע, וואו איז עפּעס אייער וועלוועלע? — האָט נחום איבערגעשלאָגן אירע רייד.

— איר ווייסט ניט זיין קאַמער? ער זיצט דאָרט איבער די ביכלעך. ניט אָפּצוררייסן אים פון זיי! — באַשע האָט אַ קוק געטאָן נייגעריק אויף נחומ'ען. — צו וואָס האָט איר אים גע־דאַרפט, אַשטייגער?

נחום האָט אַ שמייכל געטאָן, זיך פאַרהוסט:

— באַשע קרוין, ניט חלילה מסר'ן אויף אים. אָט, איך בין געקומען על־פּי גוטע פריינטשאפט אייך צושאַרן אַ מצוה. איך וואָלט גריילעך געוואָלט, איר זאָלט לאָזן גיין אייער זון נעכטיקן צו שרה ברײנע די בעקערקע. זי איז שוין אויס מענש. אַ קליינ׳קייט, אַ מענש ליגט שוין דריי יאָר אין בעט און וויל ניט שטאַרבן. ניט אַנדערש, די נשמה האַלט זיך ביי אים אין קליעש־

טשעס. אמת טאַקע, ס'איז שרה ברײַנעס מאַן, זי דאַרף פון אים לײַדן. אָבער פאַרגעסט ניט, באַשע לעבן, מיר זײַנען דאָך אידן... נישקשה, עס וועט גאָרניט שאַדן אײַער זון, אַז ער וועט נעכטיקן איין נאַכט. ס'איז ניט חלילה אַ קראַנקהייט, וואָס מען קען זיך אָננעמען.

באַשע האָט אָנגענומען נחום'ען פאַרן אָרבל:

— זעצט אײַך, רב נחום, אַט־אַ־דאָ־אַ, לעבן אויוון! וועלוול! וועלוול! זעסט אַביסל, ווי אַ כישוף וואָלט אים אימעצער אָפּגע־טאָן מיט די ביכלעך. וואָס האָט ער פון זיי, אידישע קינדערלעך, וואָלט אים אימיצער פרעגן.

וועלוול איז ארויס פון קאַמער אַ פאַררויטיקטער.

נחום'ען איז איבערגעגאַנגען אַ שמייכל איבער זײַן פּנים דערזעענדיק וועלוולען, אַ זיבעצן יעריקער בחור, גלײַך ווי אַ סטרונע. אַ קוטשמע האָר אַביסל! יעדע האָר לעבט באַזונדער. און די אויגן — אַך, די אויגן! נחום האָט מיט קנאה אָנגע־נומען וועלוולס באַק מיט צוויי פינגער.

— נעם זיך ניט איבער, דו יונגאַטש! איך בין אויך אַמאָל אַזוי יונג געווען. נו, וואָס זאָגסטו, שייגעץ, וועסט גיין איבער־זיצן די נאַכט ביי ברײַנע די בעקערקע? וועסט דאָך אודאי ניט לאָזן זיך מטריח זײַן אַן אַלטן אידן ווי איר אומזיסט. און צווייטנס, בינסטו דאָך עפּעס פון די געבילדעטע, לייענסט דאָך די „קניזשקעס". און ווידער פאַרגעס ניט, גיב איך דיר זייער אַ שיינע שותפ'טע — רבקה, חיים בערלס.

וועלוול איז רויט געוואָרן איבער די אויערן. דער נאָמען „רבקה חיים בערלס" ליגט אים אין טעם. אמת, ער האָט מיט איר קיינמאָל ניט גערעדט. ער האָט זי אָבער זייער אָפט געזען, זי איז זײַן שכנה.

---

ווען נחום איז אַוועק פון באַשען האָט זיך וועלוול גענומען איבערטאָן. ביים איבערטאָן האָט ער זיך פאַרטראַכט, אַז עס

פּאַסט אפשר ניט קומען צו אַ קראַנקען אין הויז אָן אויסגע־פּוצטער, אָבער פון דער צווייטער זייט האָט ער געוואָלט זיך באַווייזן פאַר רבקה חיים בערלס אין זיינע שענסטע קליידער. ער האָט זיך אָבער געשעמט פאַר דער מאַמען... וועלוול האָט זיך טאַקע אָנגעטאָן אין זיין שבת'דיקן גאַרניטער. נאָר דעם מאַנטל האָט ער אָנגעטאָן דעם אַלטן, און די אַלטע היטל אויפן קאָפּ.

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט וועלוול געעפנט ביי חיים בערלען די טיר. רבקה איז אים אַנטקעגן געקומען מיט אַ וויל־דער פארשעמטקייט אויפן פּנים...

וועלוול האָט זיך געזעצט אינמיטן דער גרויסער שטוב אויף אַ טאַבורעט. די הענט האָט ער געהאַלטן אָף די קני. ער איז געזעסן אין אַ פּאָזע ווי אָף זיך פאָטאָגראַפירן. וועלוול האָט אָף אַלץ געקוקט פאַר'חידוש'ט. ער האָט געהערט, ווי רבקה טוט זיך איבער אין צווייטן צימער. זי קלאַפּט בכיון מיט די שיך, אים זאָל זיין פריילעכער. די שטוב איז אַ גרויסע. זעקס פענצטער פאַרפראָרענע קעסטלען דורך די ווענט. אַ זייגער מיט וואָג קלאַפּט אויף אַ וואַנט. אַ גרויסער טיש איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן טישטוך. אַ פאָלעטורטער אַלמערל באַ דער צווייטער וואַנט. דער דיל איז געוואַשן און געל ווי וואַקס. די סטעליע ווייס, ניטאָ קיין שפּרינקעלע. פון די טירן, ווענט און סטעליע קוועלט ארויס אַ ציכטיקייט, אַ לעבעדיקע ריינקייט, ווי פון רבקה'ס טיכטיקע הענט וואָלט דאָס געטאָן געוואָרן. וועלוול זעט זי טאַקע זייער אָפּט וואַשן די פענצטער, אויספּולען די טרעטערס, לופטערן די ספרים. ער זעט קיינמאָל ניט רבקה'ן גיין אויסגעפּוצט. זי טראָגט פּראָסטע, ריינע, קינדערשע, קורצע קליידלעך, מיט אַ שירץ, ווי אַ באַלעבאָסטע.

רבקה איז ארויס פון צווייטן צימער אַ שמייכלענדיקע. אַ לייכטער פּאַרפיום האָט פאַרטראָגן אין שטוב. — זיי זיינען ארויס אויפן גאַס. אַ שניי איז געלעגן אַ פוכקער, אַ טיפער, אַ ווייסער.

שטעגעלעך האָבן זיך געשניטן איבערגעלאָפּענע איינס אויפן אַנ־דערן. פון די קוימענס האָבן זיך געצויגן דינע רויכלעך ווי פון ליולקעס. זיי האָבן זיך געצויגן גלייכע ארויף. עס האָט געוויזן, אַז דער פראָסט וועט אָנהאַלטן. די קעלט איז געווען אַ הויכע, אַ שטאַרקע, עס האָבן געקנאַקט די שינדלען פון די דעכער. די דראָטן פון די טעלעגראַפן האָבן אויסגעקוקט ווי גראָבע ווייסע שטריק. די סלופּעס האָבן געזונגען אַן אומעטיק, אונטערערדיש געזאַנג. רבקה מיט וועלוולען זיינען צוגעקומען צו בריינעס הויז. אויפן גאַניק האָבן זיי אָפּגעקלאַפּט דעם שניי פון די פיס. בריינע האָט געעפנט די טיר.

— האַ! איר זייט טאַקע געקומען? — האָט בריינע גע־זאָגט. — אַ געזונט אַף אייך! קומט אריין אין שטוב, זעצט זיך לעבן אַ בעקערס אויוון. עס וועט אייך דאָ אָפּגיין די ביינער. וואָס זאָגט איר, קינדערלעך, אַ פראָסט אַביסל! האַ? בערן פגר'ן אין די וועלדער. וואַרימט אייך, וואַרימט אייך. שעמט זיך ניט. טוט אייך אויס די מאַנטלען. איך וועל אייך גיין ברייגען טיי. — זי האָט צוגעטראָגן דעם ליאַק.

בריינע איז אַוועק מיט שטילע, מידע טריט אין אַ זייטיקן צימער, פון וואַנען ס'האָט ארויסגעשלאָגן אַ שיין פון אַ לעמפּל. רבקה איז צוגעגאַנגען אַף די שפּיץ פינגער צום אַלמער, ארויס־גענומען פון דאָרט דריי גלעזער. זי האָט בריה'ש געגאָסן דאָס קאָכעדיקע וואַסער פון ליאַק און פון אַ קליין פאָרצעלייען טשיי־ניקל, אַן אָפּגעמאָלטער מיט בלומען, האָט זי זייער פאָרזיכטיק געלאָזן פליסן אַ דין שטראָמעלע... די ערשטע גלאָז האָט זי צוגערוקט צו וועלוולען און אַ שמייכל געטאָן גוט און מיט גיב־ציקייט... וועלוול האָט ארומגעכאַפּט מיטביידע הענט דאָס גלאָז פאַר ליבשאפט.

— וואַרט אויף, וועלוול. טרינק נאָך ניט. לאָמיר וואַרטן אויף בריינען.

רבקה איז געשטאַנען לעבן וועלוולען. זיי האָבן זיך געקוקט

אין די אויגן און געשוויגן. אין שטוב איז געווען אַן אָנגע־שטריינגטע שטילקייט... אין צווייטן צימער איז געלעגן אַ חולה מסוכן. ס׳איז געווען שטיל, ווייל רבקה און וועלוול זיינען געווען זייער יונג און שעמעוודיק. אָבער זייער יונגקייט האָט שוין גע־הוליעט ביי זיי אין די אָדערן. פון זייערע פנימער האָבן גע־שלאָגן שטילע הייסע טרוימען. אין זייערע שטימען איז שוין געווען דאָס קול פון בלוט צו בלוט, פון האַרץ צו האַרץ.

אין שטוב איז געשטאַנען אַ רעגנדיקע טיפע שטילקייט, ווי אין אַ וואַלד, וואָס טיף אונטן גיסט זיך לעבן אין טויזנטער וואָרצלען.

בריינע איז אריין און האָט איבערגעשלאָגן די שטילקייט.

— וואָס שווייגט איר, מיינע קינדער? פאַרוואָס טרינקט איר ניט די טיי? איר האָט געוואַרט אויף מיר? זייער שיין! זייער שיין! מען וועט זיך שוין ניט אָפּנאַרן מיט דיר... זי האָט געפונען דאָס צוקער, די גלעזער, אַלץ... פאַר אַ שטוביקן גנב קען מען זיך ניט איינהיטן, ווייזט אויס... בריינע האָט גע־זופּט די טיי, זיך אָפּגערוט, באַ יעדער זופּ געזיפצט. —

— קינדערלעך, קינדערלעך! איר זייט נאָך יונגינקע. דאָס לעבן איז נאָך פאַר אייך. פאַר אייך איז נאָך אָנגעגרייט אַל־דאָס־גוטס. איך ווייס ניט פאַרוואָס עס ווילט זיך פון האַרץ אַראָפּ־ריידן... איך האָב אייך ניט איינמאָל געטראָגן אויף די הענט. די מאַמעס אייערע האָבן זיך גענוג אָנגעליטן פון אייך. און אַט זייט איר מיטאַמאָל אַ וואַקס געטאָן — גרויסע מענטשן, וואָס פאַרשטייען שוין אַלץ. יע, כל זמן מען איז באַ טאַטע־מאַמע איז דאָס לעבן אַ שפּיל.

— טרעט מען אָבער אַריבער די שוועל פון דער היים . . . — וואָס האָט איר זיך פאַרטראַכט? טרינקט די טיי. נעמט איינ־געמאַכטס, זשאַלעוועט ניט. איך האָב אַליין געפּרעגלט. אַמאָל איז נאָך אַלץ געלעגן אינזינען. נאָר זינט ער איז קראַנק, זיינען

אוועק אַלע גלוסטעניש. און — וואָס טויג אַ מענטש אַז ער וויל שוין גאָרניט...

— איך וועל שוין מער ניט רעדן. עס איז מיר גרינגער געוואָרן דערזעענדיק אייך. אַט וועט איר זיך נעבעך אָפּמאַר־ניעווען אַ נאַכט לעבן אַ קראַנקן. אַ קראַנקער אַף וועמען ס'איז שוין ניטאָ קיין שום האָפענונג, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד. איצט וועל איך אייך אריינפירן צום קראַנקן. איך אַליין וועל זיך צולייגן אַביסל. איך דאַרף פאַרטאָג פאַרראַש־צינען אַ ברייטל — פּרנסה, קינדערלעך!... אַניט וועל איך דען שלאָפן? איך דרעמל זיך בלויז איבער אַ שעה אָדער צוויי, און ווי דער ערשטער האָן טוט אַ קריי, בין איך שוין אויף. איך ווער משוגע טראַכטנדיק. איך קען זיך אַף מיינע פיס ניט ארומ־שלעפּן. זיי זיינען מיר געשוואָלן, ווי די קלעצער. אַ שפּילכל, אַזאַ הויז צו באַהייצן, צו באַלייכטן. זינט ער איז קראַנק, האָב איך זיך איינגאַנצן ארויסגעשלאָגן פון מיינע כחות...

וועלוול און רבקה זיינען נאָכגעגאַנגען ברייינען. זיי זיינען געגאַנגען אַף די שפּיץ פינגער, מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס. אין זייער טרעטן איז געווען פאָרכטיקייט און ציטער. זיי זיינען אריין אין צימער, וואו דער קראַנקער איז געלעגן. וועלוול און רבקה האָבן אַ שפּאַן געטאָן אַף צוריק.

אין אַ ווייסער ברייטער בעט, פול מיט בעטגעוואַנט, האָט זיך ארויסגעשוואַרצט אַ פּנים ווי אַ האָלעוועשקע. ניין, ניט קיין פּנים — אַ ערדענע נאָז, שאַרפע ביינער אָנשטאָט באַקן, און די אויגן — צוויי גריבער. אין זיי זיינען אומרואיק געלעגן שוואַרצ־אַפּלען בלישצענדיקע מיט אַ קראַנקן געלן פייער. די פיס האָבן געשטאַרצט פון אונטער די קאָלדרעס, ווי שטעקנס. ברייינע האָט זיך איבערגעבויגן איבערן קראַנקען, אים ארומגעדעקט. מיט אַ קליין לעפעלע אים עפּעס אריינגעגאָסן אין מויל. ער האָט גע־רעדט, זיך געפּיעשטשעט שוואַך און מיט אַ טעמפּער צונג. וועלוול און רבקה האָבן ניט געקענט כאַפּן אַ וואָרט. זיי האָבן זיך איבער־

געקוקט מיט שטוינונג. ברײנע האָט געקוקט אַף זײ. אין אירע אויגן האָט זיך אויסגעדריקט צעווייטיקטקייט, רחמנות און גרויס געדולד. אירע אויגן האָבן ווי גערעדט: זעט, קינדערלעך, וואָס פון אַ מענטשן קען ווערן...

ברײנע האָט גערעדט זייער שטיל: „דאָ שטייט אַ בעטל. די נאַכט איז אַ יאָר. בייט זיך איבער — דער זאָל שלאָפן אַביסל, די אַביסל. ער דערקוטשעט ניט. מערסטנס ליגט ער פאַרטראכט... דאָס גאַנצע נעכטיקן איז בלויז — מ׳קען דאָך ניט לאָזן אַ מענטשן אַליין... אָט דאָ אָפן טישל שטייט אַלץ. ער וועט אייך שוין אַליין ווייזן וואָס אים צו געבן. נאָר דאָ, אין דער רויטער פלעשעלע, איז אַזעלכע טראָפּנס: אַז ער קען ניט איינ־שלאָפן זאָלט איר אים געבן צוויי טראָפּנס און אַ האַלבע גלאָז וואַסער. ניט מערער. איך רעכן, אַז היינטיקע נאַכט וועט ער זיין רואיק. איר וועט אים דאַרפן אַ פּאָר מאָל איבערקערן. איר זעט, ער ליגט דאָך אין אַ ברונים בעטגעוואַנט. ער האָט דאָך ניט אַ ברעקל פלייש אויף זיך. איר זאָלט זיך שטאַרק היטן ווען איר קערט אים איבער.

ברײנע איז ארויס. וועלוול און רבקה זיינען געזעסן אויפן בעטל, איינגעהילטע אין מורא, פרעמדקייט און נאַכטיקייט. דער קראנקער האָט עפּעס געבעטן. וועלוול האָט אים געפרעגט וואָס ער וויל.

— וואו איז ברײנע?

— זי איז ארויס אַף אַ ווײלע. זי וועט באַלד זיין צוריק.

— קערט מיך איבער אַף דער צווייטער זייט.

וועלוול און רבקה האָבן שעמענדיק אָפּגעדעקט דעם קראנקן און אַנבעמענדיק זיך פאַר די הענט האָבן זיי אים פּאַמעלעך איבער־געדרייט אַף דער צווייטער זייט.

רבקה איז נאָך אַ צייט געשטאַנען לעבן קראנקן. זי האָט אים ארומגעדעקט. דאָס וואָס זיי האָבן באַדינט דעם קראנקן האָט זיי געמאַכט פריילעכער. וועלוול און רבקה האָבן זייער

שטיל צווישן זיך גערעדט, און אַז וועלוול האָט געזאָגט אַ וויץ האָט רבקה געלאַכט אין זיך, נאָר איר יונגער געלעכטער האָט ארויסגעפלאַצט אין דער הויך. וועלוול האָט זי אַ כאַפּ געטאָן פאַר די הענט. דאָס באַרירן מיט זיינע הענט האָט נאָך מער אויפגערייצט איר געלעכטער. ער האָט פאַרשטעלט מיט זיינע הענט איר מויל. זי האָט אָפּגעשטופּט זיינע הענט און האָט אים אָנגעהויבן רייסן פאַר די אויערן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן שפּילן. זיי האָבן זיך געשפּילט וואונדערלעך שיין און פריידיק. און דאָס לאַכן זייערע איז שוין געווען ווי פון גלעקער.

דער קראַנקער האָט זיך אַ דריי געטאָן. ער האָט זיך גע־סטאַרעט אויפזעצן אין בעט. ער האָט געוויינט קראַנק, אומ־באהאָלפן. ס'איז ניט געווען אַ וויינען פון אַן אָפּגעשוואַכטן, קראַנקן, פאַרלאָזענעם מענטשן. דאָס איז געווען אַ ביטערער יאָ־מערן, אַ פּראָטעסט, אַן אומבאהאָלפענער אָף זייער לאַכן.

וועלוול האָט מיט ציטערדיקע הענט אריינגעגאָסן פון דער רויטער פלעשעלע אַ סך מער ווי עטלאַכע טראָפּנס. און רבקה האָט פון דער גרויסער פלאַש געגאָסן דאָס וואַסער. זיי האָבן ביידע אונטערגעהויבן דעם קראַנקנס קאָפּ. דער קראַנקער האָט געקוקט שלעכט אָף זיי און געטרונקען דאָס וואַסער. נאָכן טרינ־קען איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן.

ניין, דאָס איז ניט געווען אַ שלאָף, נאָר אַ שווערער פאַר־זינקען. דער קראַנקער האָט אָנגעהויבן שווער צו סאָפּען. דאָס סאָפּען איז איבערגעגאַנגען אין אַ סיקען פון אַ סאַמאָוואַר. דער־נאָך איז דער קראַנקער פאַרשטילט געוואָרן — ווי אַ גוטע האַנט וואָלט אים אַ גלעט געטאָן. דאָס צימער איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ פּחד, מיט פוסטקייט, מיט אַזאַ וויסטקייט, אַז אָט־אָט וועט זיך באַלד צעפייפן אַ ווינט.

וועלוול און רבקה האָבן זיך פאַררוקט ווייט אויפן בעטל. זיי האָבן זיך אָנגעלענט איינס אויפן אַנדערן. וועלוול האָט גע־האַלטן רבקה'ס קאָפּ. די שלייפן האָבן ביי איר שטאַרק געקלאַפּט.

חיים פעט

ער האָט איר געגלעט די באַקן, אירע באַקן האָבן געגליט. ער האָט געצערטלט אירע הענט. אירע הענט האָבן געציטערט. זיי האָבן זיך געשפּילט, מיד געוואָרן און ווידער זיך געשפּילט. און די ווינטער־נאַכט איז אָן אַ סוף, און דער צימער איז אָנגע־טרונקען מיט נשמה׳דיקס, און דער אומעט איז אַזוי שאַרף, דאָס פייערל פון לעמפּל צייכנט זיך אויף אַ וואַנט, ווי אַ ווייסער פלעק.

די קינדער טוליען זיך איינס אין אַנדערן. זייערע ליפּן זיינען ווי פולע קאַרשן, זיי זיינען זיס און טערפּקע. זיי קושן זיך. די קושן זיינען שעמעוודיקע, גע׳גנב׳עטע, דער טעם פון זיי איז טייער. זיי פילן דאָס לאַנג... זיי דרעמלען איין אַף די העלזער ווי טויבן.

גלייך מיט טאָג איז בריינע אריין אין קראנקנס צימער. זי האָט אויפגעוועקט די שלאָפנדיקע קינדער, נאָר דעם קראַנקן האָט זי שוין ניט אויפגעוועקט...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

# אַ סאָלדאַט

גיטל, בערל אברהמ׳קעס טאָכטער, האָט דערזען דורכן פענצ־טער אַ סאָלדאַט, זיצנדיק אויף אַ פערד. זי האָט אַראָפּגעלאָזן ווי אַ בליי דאָס שטיק גרעט, וואָס זי האָט געוואַשן, און איז אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס. דאָס פּנים איז ביי איר געווען פאַרפלאַמט, די בלוזקע אָפן.

איבערן גאַס זיינען קינדער געלאָפן פון אַלע זייטן צו די גערטנער... זיי זיינען געלאָפן מיט אימפּעט, מיט פרייד און זיי האָבן געשריען ווי ווילדע גענז. דער סאָלדאַט איז געזעסן שטאָלץ אויפן פערד. אַ היטל האָט ער געטראָגן מיט אַ לאַקירענעם דאַשעק. די זון האָט געשפּילט אויף זיין קאַזיראָק. פון זיין היטל האָט זיך געצויגן אַ שוואַרצער גומילאַסט, וואָס האָט ארומ־גענומען ביידע זייטן פון זיין פּנים, אונטער דער מאָרדע האָט זיך דאָס שוואַרצע גומילאַסטל שאַרף איינגעשניטן. שטיוול האָט ער געטראָגן הויכע, גלאַנציקע, ביי די אָפּצאַסן אייזערנע שפּאָרן, ווי רעדלעך פון מצה. ער האָט טאַקע אַלע ווײַלע אַ קיצל געטאָן מיט זיי זיין יונגן פערד אויף די באָקעס. דער פערד האָט זיך געדרייט פאַמעלעך, ווי שטופּנדיק דעם דרויסן. ער האָט געשאָסן מיט די הינטערשטע פיס, וויט דעם זאַמד. דעם עק האָט ער צעלאָזט.

דער סאָלדאַט האָט געפּאַטשט דעם פערד איבער ביידע זייטן האַלז. אין דעם פּאַטשן איז געווען מער גלעטן... דער פערד האָט געענטפערט מיט פירקען פון די נאָזלעכער און ער האָט גע־ביטן די פיס.

דער סאָלדאַט האָט זיך געשפּילט מיטן פערד און געקוקט מיט זיינע גרויע אויגן שעלמיש אויף גיטל בערל אברהמ׳קעס.

ער האָט גערעדט כלומר'שט מיט די אַנדערע מענטשן, וועלכע האָבן אים ארומגערינגלט. אָבער אָן אַ זייט האָט ער געוואונקען צו גיטלען... ער האָט גערייט זיינע וואָנצן ארויפצו און אויסגעסווישצעט דערביי אַ לידל דורך די ציין: „ניע ראַדיסאַ דעווקאָ קראַסנאַ אַלעש שצאַסנאַ״.

איבער דער גאַס איז אויפגעגאַנגען אַ שטויב. דער שטויב האָט געשימערט פון זיך. אויך אַ געזאַנג פון אַ סך מיילער האָט זיך אויפגעגאָסן ווי אַ וואַלד מיט בוימער וואָלטן געהודיעט. און הינטער דעם געזאַנג האָבן אַ סך, אַ סך פערד געטאָפּטשעט. די סאָלדאַטן האָבן זיך צעשאָטן איבערן מאַרק. זיי האָבן פלינק אויסגעשטעלט די ביקסן אין סנאָפּעס. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד און האָבן קונציק גערייט פּאַפּיראָסן פון מאַכאָרקע און קאָרישקעס. זיי האָבן צעלייגט פייערן און געקאָכט קעסעלעך. נאָר ווען די זון האָט זיך גענויגט צום וואַלד־צו האָבן די סאָלדאַטן געמאַכט אַ גרויסע ראָד פון מענטשן.

צוויי סאָלדאַטן, אין ברייטע בלוזעס מיט קוטאַסן, האָבן געשפילט אויף האַרמאָניקעס. די פעלדלעך פון די האַרמאָניקעס האָבן זיך צעצויגן און אויפגעלאָפן. די ניגונים, פריילעכע מיט פייער, האָבן געוועקט די מיידלעך, וועלכע האָבן זיך געקליבן צניעות'דיק און פאַרשעמטע ארום די סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן האָבן זיי ביסלעכווייז אויסגעכאַפּט און אין ראָד אריינגענומען. די ראָד איז געוואָרן פולער, בונטער און די טענץ צעצונדענער.

גיטל בערל אברהמ'קעס האָט שוין ניט געהאַט מער קיין כח... דער ערשטער סאָלדאַט, וואָס איז אריינגעפאָרן אין שטעטל, האָט מיט איר די גאַנצע צייט געטאַנצט. איר איז געווען היינטיקן אָוונט ווי קיינמאָל ניט. זי האָט געפילט די גאַנצע צייט זיינע ליפּן נאָענט צו איר פּנים. ער האָט אַפילו גערעדט צו איר גראָבע רייד, נאָר אין רוסיש האָבן איר די רייד זיך אָפּגערופן וואַרים. און ווען עס איז שוין אויפגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן, איז ער נאָך געשטאַנען מיט איר לעבן שוועל פון איר הויז...

און פאַרן אַוועקגיין האָט ער איר געזאָגט, אַז ער האָט זי ליב. ער וועט דאָ שטיין אַ חודש צייט ארום דעם שטעטל. זיי האָבן דאָ געמאַכט אַ לאַגער.

גיטל איז געלעגן אין בעט אַן אָפּגעדעקטע און ס׳האָט זיך איר שטאַרק געטומלט אין קאָפּ. אַ גאַנצן טאָג אויף מאָרגן האָט זי זיך געסטאַרעט פאַרטומלען מיט אַרבעט... נאָר אין האַרצן ביי איר האָט געלויכטן אַ ברייטער, אַ וואַרימער סוד... ס׳האָט זיך איר נאָר געוואָלט דערציילן איר טאַטע־מאַמען... נאָר גיי דערצייל! זיי זיינען שוין עלטערע מענטשן, און ביי זיי איז אַ סאָלדאַט טריף ווי חזיר... אָבער ווען זי וועט זיי זאָגן, אַז ער איז אַ אידישער!... זי האָט זיך אַ קניפּ געטאָן די באַקן פאַר הנאה. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ שמאָל שפּיגעלע, זי האָט אַ קוק געטאָן אין אים און אַ זאָג געטאָן:

— נישקשה, גיטעלע, ביסט אַ שיינע מויד!

ס׳איז געווען פאַרנאַכט. גיטל האָט אָנגעפּויעט דעם פערד, פאַרטריבן די הינער אין קאטוך. זי האָט אָנגעגאָסן וואַרימע וואַסער אין וואַש־שיסל פאַרן טאַטן. ער איז נאָר־וואָס געקומען פון דערוועגנס. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן שטוב. איר האָט זיך געוואָלט, אַז טאַטע־מאַמע זאָלן איר באטראכטן און שטילערהייט זאָלן זיי זיך זאָגן איינער דעם אַנדערן: „ווייסט, אַז זי איז אַ שיינע מויד!״...

ס׳האָט זיך ראַש אַן עפן געטאָן די טיר און דער סאָלדאַט איז אריינגעפאַלן פריילעך אין שטוב.

— שרעקט זיך נִיט! שרעקט זיך ניט, מיינע אַלטינקע, איך בין אַ אידישער זון! — האָט ער זיך פרעלעך באַגריסט.

גיטל האָט אים דערלאַנגט אַ שטול. ער האָט זיך אַ זעץ געטאָן אויפן שטול רייטנדיק. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל. די האָר זיינען אים געווען שטייף צוגעקאַמט צום קאָפּ און פאַרפיום האָט געשמעקט פאַר אַ מייל... ער האָט געדרייט די וואָנסן

ארויף. ער האָט געפּאַטשט מיט די הענט אויף די גלאַנציקע שטייפע כאָליעוועס און אויף רוסיש אַ זאָג געטאָן:

— פאַרוואָס זעצט איר זיך ניט, „באַרישניע”?

גיטעלע האָט אַ קוק געטאָן פאַרשעמט אויף טאַטע־מאַמע און האָט זיך אַוועקגעזעצט ווייט פון סאָלדאַט. בערל אברהמ׳קעס האָט אַ קוק געטאָן מיט חשד אויפן סאָלדאַט, ווי עס קען נאָר אַ בעל־הבית אַ קוק טאָן... אָבער צו דער טאָכטער האָט ער זיך אָנגערופן ווייך און מיט אַ נאָכגעלאָזענעם קול:

— גיטעלע! האָסט אָנגעפּויעט דעם פערד? איך גיי אים נעמען אויף דער פּאַשע אויף אַ גאַנצער נאַכט. די פּאַשע איז דאָרט איצט איבערן האַלז,

דורכגייענדיק לעבן סאָלדאַט, האָט זיך בערל אברהמ׳קעס אָפּגעשטעלט, באַטראַכט אים פון אויבן אַראָפּ, און אַ זאָג געטאָן מיט אַ קול פון אַ בעל־הבית, אַז ער איז אויך אַמאָל געווען אַ סאָלדאַט...

— פון וואַנען קומסטו? האָסטו עלטערן? — האָט בערל אברהמ׳קעס געפרעגט.

— איך האָב טאַטע־מאַמע. וואָס דען, אַ שטיין האָט מיך געבוירן?... — האָט דער סאָלדאַט געענטפערט.

— דו האָסט נאָך אַ סך צו דינען? — האָט בערל אברהמ׳קעס ווידער געפרעגט.

— נאָך איין חודש און איך בין אַ פרייער פויגל, — האָט דער סאָלדאַט געענטפערט.

ער האָט ארויסגעכאַפּט דאָס ביכעלע און מיט שטאָלץ אַ ווייז געטאָן בערל אברהמ׳קעס:

— זעט נאָר סאַראַ גוטע „אַטמעטקעס” איך האָב!...

בערל איז אַוועק. אין שטוב איז געווען פינצטער. ס׳איז געווען אַ סגולה צו די היצן.

— האָסט אַ פיינעם טאַטן, — האָט זיך דער סאָלדאַט אָפּ־

גערופן צו גיטעלען. — ער האָט דאָס מיך אַביסל אויסגעפּרעגט, פּונקט ווי אַן אַרעסטאַנט!...

גיטל האָט אַ לאַך געטאָן שטאַרק אויפן קול. איר איז גע־פעלן געוואָרן דער פאַרגלייך.

— אַ סאָלדאַט איז אַן אַרעסטאַנט, — האָט זי זיך אָפּגערופן.

זי איז געווען זייער צופרידן, וואָס איר איז איינגעפאַלן אַזאַ קלוג וואָרט צו זאָגן...

דער סאָלדאט האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול, צוגע־גאַנגען צו גיטעלען און אַ זאָג געטאָן:

— ביסט אַ שיינע, קלוגע „באַרישניע", — און ער האָט זי ארומגענומען ארום האלז. ער האָט זיך געזעצט מיט איר אויף איין שטול. ער האָט ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר נאַקן און אַ פּוס מיט אַ גלאַנציקן שטיוול איבער איר שויס.

זי האָט מיט די פינגער דראָבנע געפּיקט איבערן האַרטן שטיוול. נאָר ווען ער האָט אַראָפּגערוקט זיין האַנט אויף איר הוילער פּלייצע, האָט זי טיף ארייַנגעצויגן דעם אָטעם... אין אַ מינוט ארום האָט זי זיך באַדעקט, האָט אים אויסגעזידלט און גלייך אָנגעהויבן לאַכן...

פאַרן חודש צייט, וואָס דער סאָלדאַט איז איינגעשטאַנען אין שטעטל, האָט ער ניט פאַרמיטן יעדן אָוונט קומען צו גיטעלען. ער האָט געגעסן און געטרונקען ביי בערל אברהמ'קעס. רחל לאה, גיטעלעס מאַמע, האָט אים ליב געקראָגן ווי אַן אייגן קינד, און זי רעדט טאָקע מיט בערלען:

— ס'אַראַ גרויסן גאָט מיר האָבן! ער פאַרלאָזט קיינעם ניט. ס'איז אַ גוטער שידוך פאַר אונזער טאָכטער. אַן אויסגע־דינטער, אַ בעל־מלאָכה און ער וויל זי נעמען ווי זי שטייט און גייט! זיי וועלן זיין מיט אונז צוזאַמען. אויף די אַלטע יאָרן וועלן מיר האָבן וואו דעם קאָפּ אָנצושפאַרן. און דער סאַמע עיקר — ער איז צוגעזאָגן צו איר פון דעם ערשטן טאָג, וואָס ער האָט זי דערזען...

בערל האָט דאָס גענומען קאַלטער.

— רחל לאה! — האָט ער געזאָגט — רחל לאה! מיר האָבן דאָך אַמאָל אויך חתונה געהאַט. איז דאָס ביי אונז געוואָרן אין איין ווײלע? וואָס איז די אײלעניש, ווייס איך ניט. וויפיל טעכטער האָסטו דאָס, האַ? ווועסט זי נאָך אויסגעבן... זי איז ביי מיר ניט קיין בראַקאָווגע סחורה. וואָס איז זי, אַן אַלטע אָדער אַ קאַליקע? אָבער גאָרניט. מיין ניט, רחל לאה, אַז איך מיין אָפּצורעדן דעם שידוך, חלילה. איך טראַכט מער־ניט ווי אויף דער וועלט טרעפן זיך מאָדנע זאַכן.

פונקט אין זעקס וואָכן ארום האָט געדאַרפט פאָרקומען די חתונה. דאָס שטעטל האָט זיך גע'רעש'ט. שכנים מיט דער־וואַקסענע טעכטער האָבן מקנא געווען גיטעלעס גליק... נאָר גיטעלע אַליין איז געווען זייער פאַראומערט. זי האָט דערזען דעם חתן פרייטיק אין דערפרי אין היימישע קליידער, האָט זיך איר פון אָנפאַנג געדוכט, אַז ער איז אַ פרעמדער, אַז דאָס איז ניט ער, יוסף דער סאָלדאַט, וואָס קוקט אריין אַזוי שעלמיש אין די אויגן און ער דריקט זי אַזוי שטאַרק מיט די הענט...

די וואָנסן האָט ער זיך אָפּגעשוירן, זעט ער אויס ווי אַ גלח. אַנשטאָט אַ מונדיר מיט גלאַנציקע קנעפּ, טראָגט ער גאָר אַ סורדוט מיט לאַצן. דער האַלז איז אים אָפּגעדעקט, און עס לויפט ארום אַ שפּיציקער גאָרגל.

אַ גאַנצן זומערדיקן טאָג האָט גיטעלע אָפּגעוויינט אין איר קאַמער. זי איז געפאַלן דער מאַמען אויפן האַלז.

— מאַמע ליבע, דאָס איז ניט ער! ער איז מיר אינגאַנצן אַ פרעמדער.

רחל לאה האָט געוויינט ווי אַ קינד.

— טאָכטער מיינע, — האָט זי געזאָגט, — פאַרשעם ניט דיין אַלטע טאַטע־מאַמע. מאַך ניט קיין לייטישע געלעכטערס.

רחל לאה האָט איר מיט אַ שפּיץ פון אַ ווייסן פאַרטוך ארומ־געווישט די טרערן, האָט איר אַ קוש געטאָן אין שטערן.

# אַ סאָלדאַט

— גיטעלע, טאָכטער מיינע. ס'איז גוט, אַז מען וויינט אַ טאָג פאַר דער חתונה. מען וויינט זיך אויס אַ גוט מזל...

גיטעלע האָט זיך געפילט געטרייסט פון דער מאַמעס גוטע רייד.

נאָר מיטאַמאָל איז זי ארייגעפאַלן אין דער מאַמעס אָרימס און ביידע האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויינט אויפן קול...

# דער לייבן־צוימער

טשערנע האָט דערזען דורך דעם פענצטער דעם וואַנדערנ־דיקן צירק. זי איז ארויסגעלאָפן אויף דער גאַס אין אונטער־קלייד און אַ באָרוועסע. טשערנע האָט זיך אַוועקגעשטעלט קעגן די אָנקומענדע פורן. די זון האָט אַראָפּגעשיינט אויף איר רויטן קאָפּ האָר און איר פּנים, ווייסער, לעבעדיקער מאַרבל. ווען די פורן זיינען שוין געווען גאָר נאָענט האָט זי אַ לאַך געטאָן. עס האָט אָפּגעקלונגען ווי אַ יונגער פרילינג־דונער.

פון דער ערשטער פור, אַן אַריבערגעצויגענע מיט אַ בויד, האָט זיך אַפּירגעבויגן אַ ווילדער קאָפּ האָר; אַ שוואַרצער, דורכ־געברענטער מאַנסבילשער פּנים, מיט צוויי לאַנגע, פאַרדרייטע וואָנצעס, און די אויגן — הייסע קוילן ...

— ווער ביזטו? — האָט ער זי שטריינג אַ פרעג געטאָן.

— אַ מאַמעס אַ קינד! — איז זי זיך פאַרגאַנגען אין גע־לעכטער.

דער מאַנסביל מיט די לאַנגע, פאַרדרייטע וואָנצעס האָט איר אַ רוף געטאָן מיטן פינגער.

טשערנע האָט אים ארויסגעשטעלט די צונג...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף טשערנען מיט אַן אָפּגעהאַקטן שמייכל, האָט איר אַ וואָרף געטאָן אַ בילעט:

— קאָנסט היינט קומען אין צירק אויף דעם צעטל.

ווען די פורן האָבן זיך דערווייטערט האָט טשערנע געקוקט אויף די שטיבער פון די פורן, וואָס האָבן זיך גערירט פאַמעלעך. אויף די ווענט פון די שטיבער זיינען אויסגעמאָלט געווען לייבן מיט צועפּנטע מיילער, ווי ברענענדיקע אויוונס; טיגערס מיט אַראָפּגעלאָזענע עקן, אויסגעדרייט די קעפּ און מיט בייזקייט ארום די וואָנצעס; העלפאַנטן מיט קליינע אויגעלעך, גרויסע ציין, ווי

ווייסע, פארשניצטע פלעקער, מיט מאַסיווע, ווייכע פּיס. און דער מענטש וואָס האָט איר צוגעוואָרפן דאָס צעטל שטייט מיט אַ בייטש אין האַנט צווישן די ווילדע חיות. ער איז אַ שטאַרקער, אַ ווילדער, אַ פייערדיקער... זי וואָלט וועלן מיט אים זיך רייצן, כאַטש איין קניפּ אים געבן און אַנטלויפן. ניין, זי האָט מורא פאַר אים... פונדעסטוועגן ווען איר שכן טעוול כאַפּט זיך אריין ווען איר מאַמע סטייעט ניט, גייט ער אַוועק מיט שינאַקעס... זי ווייס ניט וואָס ער וויל פון איר... ווי נאָר איר מאַמע גייט אַוועק פון הויז, אַזוי באַלד וואַקסט ער אויס, טעוול, ווי פון דער ערד ארויס, רויט ווי אַ ראַק, מיט אָנגעבלאָזענע ליפּן. ער קריכט מיט די הענט און זי, דער נאַר, לאָזט זיך... פאַרקערט, אירע אויגן ווערן שכור און איר שטייפער קערפּער וויל זיך פאַנאַנדער־פלאַצן... אָבער ווען טעוול נעמט ווילד צושטיין, רייסט זי אים אויס די אויערן, זשמוטן האָר און זי פאַררוקט הינטער אים די טיר.

טשערנע האָט אָנגעטאָן דאָס שבת'דיקע קלייד, אַ רויטן, ברייטן באַנד ארום איר טאַליע און אויף אירע פאַרשטויבטע שיך האָט זי געשפּיגן און מיט אַ שמאַטקע געריבן אויף די נעזלעך פון די שיך. זי האָט אריינגעטאָן איר מאַמעס שיינענדיקע קאָל־טשעקעס אין די כמעט פאַרוואַקסענע לעכלעך פון אירע אויערן.

און ווען טשערנע איז צוגעקומען אויפן פעלד וואו דער צירק האָט זיך צעשטעלט, האָט זי דערזען פון ווייטן טעוולען. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אויף זיינע לאַנגע פּיס. זי האָט זיך גיך אָפּגעדרייט אָן אַ זייט, אַפילו איינמאָל זיך ניט ארומגעקוקט. זי וויל איצט זיצן באַזונדער. קיינער זאָל ניט וויסן, אַז זי איז אין צירק.

ווען טשערנע איז שוין געזעסן אויף דער הילצערנער באַנק פונקט אַנטקעגן דער אַרענע, וואָס איז געווען פאַרצויגן מיט ווייסע, גראָבע ליילעכער אויף מעשענע רינגען. הינטער די ליילעכער האָט מען זיך געפּאַרעט, האַמער'ס האָבן געקלאַפּט, מען האָט גערוקט ביינקלעך. מיט אַמאָל האָט אַ שפּיל געטאָן אַ טראָמפּייט,

אַ פּויק האָט נאָכגעהאַלטן און די פֿאַרהאַנגען האָבן זיך פּאַמעלעך צענומען.

אויף דער אַרענע, אויף הילצערנע קעסטלעך העכער און נידעריקער, זיינען שפּיציק געזעסן הינטעלעך מיט רויטע ליענטעס ארום די העלזער. די קליינע הינטעלעך אָנגעטאָנענע אין גאַר־ניטערלעך. די גרויסע הינט מיט גלעקלעך ארום די העלזער. די הינט זיינען געזעסן שטיל, חוץ וואָס זיי האָבן געדרייט מיט די אויגן, חוץ זייערע נאַסע, וואַרעמע נעזער, האָבן געשנאַפּט די לופט. זיי האָבן געדרייט זייערע אויגן פֿאַר אומגעדולד. נאָר ווען דאָס זייטיקע טירל פון דער אַרענע האָט זיך שטיל געעפֿנט, האָט זיך באוויזן אַ מענטש אין אַ רויטן, קורצן סורדוט, מיט שוואַרצע, געפלאָכטענע שנורן פון איין קנאָפּ צום צווייטן. זיינע לאַקירנדע שטיוול האָבן אָפּגעגלאַנצט ווי שפּיגלען. ער איז איבערגעגאַנגען מיט זיינע פינגער איבער זיינע לאַנגע, שוואַרצע וואָנצעס. ער האָט דורכגעפירט זיינע פייערדיקע אויגן איבער דער אַרענע און די הינט זיינען געבליבן זיצן ניט אַ פינטל־טוענדיק מיט אַן אויג.

— וואָסקאָ! — האָט דער מענטש ארויסגעברומט.

אַ קליינער, קודלאַטער ווייסער הינטל האָט זיך אַראָפּגע־כאַפּט פון קעסטל, און אויף צוויי פיסלעך, ווי אַ קאָמענדיאַנטל, דורכגעטאַנצט הין און צוריק די אַרענע. דערנאָך האָט דער מענטש ארויסגענומען צוויי רייפן, זיי אויסגעשטרעקט אין זיינע הענט און האָט אַ געשריי געטאָן:

— פרינץ און מאָפּסי!

צוויי הינט מיט דינע קערפּערס האָבן זיך אַראָפּגעכאַפּט פון זייערע ביינקלעך. לויפנדיק האָבן זייערע גלעקלעך געקלונגען, און בילנדיק פאַר אויפרעגונג האָבן זיי מיט פאַרלייגטע אויערן און אויפגענומענע פיס דורכגעצויגן דורך די רייפן.

טשערנע איז געזעסן אין אַ פלאַם. אַזעלכע קונצן! אַזעלכע וואונדער! און דער הויכער, שטריינגער, פרעמדער מענטש האָט

איר אויסגעקוקט ווי אַ מכשף צו וועלכן עס האָט איר שטאַרק געצויגן... איר האַרץ האָט הויך געקלאַפּט. ווי עס וועט זיך ענדיקן די שפּיל, וועט זי גלייך אַנטלויפן. זי האָט מורא פאַר אים... ניין, זי וויל אים אַנקוקן. ווי זעט ער אויס אין פּראָסטע קליידער און ווען ער מאַכט ניט קיין קונצן מיט חיות? זי וועט אָפּוואַרטן, ווען אַלע וועלן אַוועקגיין פון צירק וועט זי צו אים צוגיין.

אָבער ווען טשערנע האָט דערזען אויף דער אַרענע צוויי לייבן, וועלכע האָבן געצאַרנט אויף אים קלאַפּנדיק מיט זייערע שווערע עקן, און ער איז געשטאַנען אין ווינקל לעבן טיר און מיט דער בייטש געקנאַלט און געקנאַלט, איז די אויפרעגונג געווען גרויס ביי טשערנען. אַלץ אין איר איז געווען אַנגעצונדן. זי וואָלט אים שוין געוואָלט זען ווי ער גייט־ארויס אַ גאַנצער פון די צוויי לייבן, וועלכע לויערן אויף אים מיט זייערע אַנגעצונדענע אויגן און ער קנאַלט און קנאַלט מיט דער בייטש. די לייבן בורטשען שטילער, שטילער און זיי ציען זיך אויס אויף זייערע לאַפּעס ווי דרעמלענדיקע גבורים. דער מענטש מיט דער בייטש דערנענטערט זיך צו זיי. טשערנען שפּרינגט דאָס האַרץ פון בוזעם. זי וויל שטאַרק ארויסקוויטשען. זי האַלט זיך איין מיט אַלע כחות. טאָמער רודערט זי אויף די לייבן, וועלן זיי אים צערייסן אויף שטיק שטיקלעך. און ווען ער האָט די לייבן גע־גלעט אויף די קעפּ און ביי איין לייב האָט ער אין דעם אָפענעם מויל ארייגעלייגט זיין האַריקע, ברייטע האַנט, האָט טשערנע פאַרמאַכט די אויגן, און איר איז אויסגעקומען ווי זי ליגט און אָטעמט אונטערן וואַסער... צום גליק האָט אַ שאַל געטאָן אַ טראָמפּייט, די פּויק און אַ בראַוואָ־פּאַטשעריי האָט נאָכגעהאַלטן, און די גראָבע פאַרהאַנגען האָבן זיך פאַרצויגן אויף זייערע מע־שענע רינגען.

טשערנע איז נאָך געבליבן זיצן פאַר אַ היפּשע ווײַלע אויף דער הילצערנער באַנק. זי האָט געקוקט אויף דער איינגעשטיל־

טער אַרענע און נאָכגעדיינקט וואָס אין די פּאָר שעה איז דאָ פּאָרגעקומען. אַזעלכע ווילדע שפּילן פון איין מענטש מיט אַזוי פיל בייזע חיות! עס שווינדלט איר נאָך איצט פאַר די אויגן, אירע באַקן זיינען ווי רויטע בלומען און איר מיידלש האַרץ איז אויפגעשטורמט. צום גליק איז איר געקומען צו־הילף איר שאַר־פער מיידלשער אינסטינקט... זי האָט ברייט פאַנאַנדערגעעפנט די אויגן: וואו איז זי? נאָך אַלץ אין צירק? אַלע זיינען זיך שוין צוגאַנגען. וואָס זיצט זי דאָ אַליין? דער לייבן־צוימער שטייט נאָענט לעבן איר מיט דער בייטש אין האַנט. זיינע אויגן גלאַנצן ווי די שפּיצן פון שווערדן. צוויי גרויסע, שכורע אויגן, וואָס נעמען איר אַדורך... ער שטייט נאָענט פאַר דער טיר, ווי זי וואָלט געווען אַ לייביכע.

טשערנע האָט אויף גיך אַ טראַכט געטאָן, האָט פאַרקאַמט מיט אירע פינגער די האָר, וועלכע האָבן זיך געמישט גאָלדיג, ברוין און רויט, און אַ שמייכל געטאָן האָט זי צום לייבן־צוימער, סיי קינדיש, סיי מיידלש־סודות׳דיק... ער האָט אויסגעשטרעקט זיין ברייטע, האַריקע האַנט צו איר. טשערנע האָט אָנגעשפּיגן אויף זיין האַנט און זי האָט גלייך מיט דער זיידענער טיכל צערט־לעך אָפּגעווישט. און וואונדערלעך! פון אָט דעם קליינעם אַקט האָט זיך דער לייבן־צוימער דערפילט אָפּהענטיק, און ער האָט פריי געעפנט די טיר פאַר איר. טשערנע האָט אַרויסגעשפּרייזט ווי אַ זיגערין, און ער, דער לייבן־צוימער, איז אַרויס נאָך איר. אין זיינע אויגן האָט געלויערט אַן אומעט, וואָס האָט זיך פאַר־טייטשט: ווילדע טיגערס, לייבן קאָן ער צוימען, אָבער ניט דאָס ווילדע מיידל.

די נאַכט איז געווען אַ זומערדיקע, אין פעלד האָט גע־טומלט פון געפליגלטן לעבן, דער הימל איבער זיי אַן אָפענער, אַ בלויער, און די שטערן האָבן געציטערט ווי די צוויי הערצער פון דעם לייבן־צוימער מיט דער זעכצן־יאָריקער מיידל.

דער לייבן־צוימער האָט איר איינגערעדט, אַז זי זאָל מיט־

פאָרן מיט אים. ער וועט איר האַלטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ. זי וועט ביי אים פאָרן רייטנדיק אויף אַ לייב...

— ניין, טייערינקער, איך האָב בלויז איין מאַמע, און מיין מאַמע האָט איין טאָכטער. ווען איך גיי אַוועק מיט דיר, וואָלט מיין מאַמע מיט אַ שטעקן און טאָרבע דורך פעלד און וואַלד גע־וואָגלט, ביז זי וואָלט דיך אויפגעזוכט. זי וואָלט דיינע אויגן אויסגעבערענט מיט אַליום.

— ווילדע, שיינע מיידל! — האָט ער זי ארומגעכאַפּט מיט איין האַנט. ער איז אָבער גלייך אָפּגעשפּרונגען. ער האָט דער־פילט אַ ביס ווי פון אַ שלאַנג. און זי ווי אַ נאַכט־פויגל האָט זיך סומנע פאַנאַנדערגעוויינט. איר ביס האָט נאָך מערער אָנגעצונדן זיין באַגער צו איר... אַ ביס אויסגעמישט פון גיפט און פייער. און ווען ער האָט זיך, לויערנדיק, דערנענטערט צו איר, איז זי אָפּגעשפּרונגען.

— וואַג ניט צוצוגיין נאָענט!... פאַרפאַלג מיך ניט! לאָז מיר גיין צו מיין מאַמען. איך האָב דיך ליב.

פאר אַ ווייַלע איז ער געבליבן שטיין ווי צעטומלט. זאָל זי גיין. אפשר וועט זי זיך באַדאַכטן און זיך אומקערן. ער איז גערן אַלץ אַוועקגעגעבן פאַר איר. ער איז שוין דורכגעפאָרן אַ וועלט. מיט פרויען איז ער געאָרניט פרעמד... זיי פאַלן גרינג אין זיינע הענט. ער איז אַן אויסגעפּרואווטער מענטש דורך פייער און דורך וואַסער. אָבער היינט צום ערשטן מאָל האָט ער זיך דערפילט אָנמעכטיק אַנטקעגן דער ווילדער יונגער מיידל... נאָר זעענדיק ווי די מיידל איז שוין ווייט פון אים. זי זעט זיך ווי אַ סילועט אויפן פעלד.

— זאָל זי גיין! — ווי שטאָלץ זי איז. זי קוקט זיך אַפילו ניט ארום. אָבער זיין האַרץ האָט געקאָכט און געבושעוועט מיט בענקשאפטן און פאַרלאַנגען. און ווי הייסער דאַמף, וואָס שטויסט אַ לאָקאָמאָטיוו, האָט עס אים געטריבן צו כאַפּן די מיידל, וואָס האָט שיכור געמאַכט זיין בלוט... ער האָט זיך האַסטיק אַ

לאָז געטאָן נאָך איר. אָבער, טשערנע, דערהערנדיק זיינע קאָכע־דיקע טריט, האָט שוין איצטער אויף אַן אמתן מורא געקראָגן. זי האָט גענומען ציען ווי אַ ווינט, צום טייך צו. דער טייך וועט זיין די איינציקע רעטונג. זי וועט אַריבערשווימען זיין ברייט אין איין אָטעם. זי איז געווען איצט אויפמערקזאַם און זייער קלאָר אין אירע געדאַנקען. און כאָטש זי האָט געפילט, אַז דער לייבן־צוימער דערנענטערט זיך, פונדעסטוועגן האָט זי ניט געשריען, ניט אַ קוויטש געטאָן אַפילו. ווייל דאָס וואָלט אים געוויזן, אַז זי גיט זיך אונטער...

און ווען דער טייך האָט אַ גלאַנץ געטאָן פאַר אירע אויגן, איז זי ווי אַ ווילדע חיה, וואָס ראַטעוועט זיך פון יעגער, אריינ־געשפרונגען אין טייך. זי האָט געלייגט קלאַפּטער, סאָפּענדיק ברייט מיט די נאָז־לעכער.

און דער לייבן־צוימער איז געשטאַנען לעבן ברעג טייך. ער האָט זיך איינגעקוקט ווי די מיידל שפּאַנט אַריבער די ברייט פון טייך, און די בייטש מיט וועלכער ער צאַמט די לייבן ווערט פאַר־צויגן מיטן שטראָם...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

# געפאַנגענע קאַרפּן

אין פעלד איז געשטאַנען אַ געשריי פון די פייער פליגן, פון די שפּרינגערס, פון די נאַכט־פויגלען. איבער מיינע באָרוועסע פיס האָבן זשאַבעס געשפּרונגען. פלעדערמייז האָבן געקרייזט בלינד, זיי האָבן דורכגעשניטן ווי שטיקלעך פאַרלאָשענע בליצן. זשוקעס האָבן זיך אָנגעשלאָגן אָן מיין פּנים און ווי שוואַרצע שטיינדלעך געפאַלן אין גראָז. — מיט מיין אימפּעטיקן גאַנג האָב איך אויפגעוועקט די גראָזן און אַ ווינטל האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך מיר...

איך האָב פאַרנומען אַ רוישן פון וואַסערן און צו מיין פּנים האָט פאַרשלאָגן פרישקייט און פייכטקייט. — דער טייך איז נאָענט! אויך מיין האַרץ האָט אויפגעברויזט ווי ביי אַ יעגער.

דער טייך האָט זיך געטראָגן ברייט און ווילד, דורכגעזילבערט פון דער לבנה. איך בין צוגעגאַנגען צו די צוויי בוימער, וועלכע זיינען געשטאַנען צעקרימטע און איבערגעבויגענע צום טייך. די וואָרצלען פון די בוימער זיינען געלעגן נאַקעטע, איינגעפלאָנטערטע, ווי פאַר׳חלש׳טע שלאַנגען. די נעץ אונטער די וואָרצלען איז געווען אָנגעשוואָלן פון די וואַסערן וואָס האָבן דורכגעיאָגט... איך האָב אַריינגענומען מיינע פינגער אין די געשטריקטע קליינע אָפענע פענצטערלעך פון נעץ... דורך מיינע פינגער זיינען דורכגעגאַנגען ציטערלעך, ווי מוראַשקעס וואָלטן דורכגעריזט מיין בלוט. איך האָב אָנגעצויגן שטאַרקער די פעדים, און געצויגן פאַרזיכטיק די נעץ צום ברעג... יונגע, שמאָלע פישלעך האָבן אַרויסגעשאָסן צוריק אין טייך אריין, ווי זילבערנע פיילן. —

ווען איך האָב פאַנאַנדערגעוויקלט די נעץ אויפן זאַמד, האָב איך טיף אין קול דערזען צוויי גרויסע קאַרפּן פיש. זיי זיינען געלעגן שטיל, זופנדיק די לופט מיט זייערע ברייטע מיילער.

מיטן זעקל רויב אויף מיינע פּלייצעס בין איך דורך נאַכט, דורך שטעגן און אומוועגן אָנגעקומען צוריק אין מיין היים...

איך האָב די צוויי פיש אריינגעלאָזן אין דער פאָרצעלייענער וואַנע. דער גרעסערער קאַרפּן פיש האָט געהאַלטן זיין ברייטן קאָפּ סאַמע אונטערן קראַן, פון וואַנען אַ דינער פרישער וואַסערל האָט אַראָפּגערונען. דער קלענערער קאַרפּן פיש האָט זיך געהאַלטן אָן אַ זייט...

ביידע פיש זיינען געלעגן איצט אין וואַסער ווי פאַרגליווערט. זייערע זשאַברעס האָבן זיך געעפנט און פאַרמאַכט ווי די קנעפּ אויף אַ שפּילנדיקן טראָמפּייט. זייערע פלוס־פעדערן האָבן זיך קוים, קוים גערירט. פון זייערע ברייטע מיילער האָט זיך גע־בולקעט דאָס וואַסער אין קייקעלעך. ווען דער קלענערער פיש האָט זיך אַ ריר געטאָן, געוואָלט זיך צו„גנב'ענען נעענטער צום קראַן, האָט דער גרויסער פיש געמאַכט אַ סומאַטאָכע, ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט אַ ציען זיך און שאַרפקייט און מיט זיין שטאַרקן עק געפּאַטשט אין וואַסער. דערנאָך האָט ער זיך געשאַרט מיט זיין גליטשיקן קערפּער לאַנגזאַמער ארום די ווענט פון דער פאָרצעלייענער וואַנע. ווען ער איז שוין געשטאַנען צוריק אַ בארואיקטער מיטן שווערן טעמפּן קאָפּ אונטערן קראַן, איז נאָך אין זיינע אויגן געווען פייער און רוגזה...

וואָס אַ טאָג מער ס'איז אַריבער זינט די צוויי קאַרפּן פיש האָבן זיך געפונען לעבעדיקע אין דער וואַנע, אַלץ אומרואיקער און אומעטיקער בין איך געוואָרן. —

צוויי שטומע לעבנס האָלט איך געפאַנגען, וואָס לעכצן נאָך דעם פליסענדיקן ברייטן טייך און נאָך דעם הימל וואָס ברעכט זיך אין די כוואַליעס. — איך האָב געזען די צוויי גרויסע קאַרפּן פיש, וואָס האָבן געוואוינט אויף די גרונטן פון טייך, ווי אַלטע, קלוגע פאָרשער...

דורכן זעלבן פעלד, דורך שטעגן און אומוועגן האָב איך גע־טראָגן צוריק די צוויי קאַרפּן פיש צו זייער גרויסן, ברייטן וואַסער־לאַנד...

# אַ פּאַסטקע

שמחה דער סאַדאָווניק האָט צוזאַמענגעקליבן אין אַ ווייסער טאַרביטשקע „אַנטאָנעווער“ עפּל, סאַפּוזשאַנקע באַרנעס מיט שווארצלעכע שפּעלטעלעך פון זיסקייט און צייטיקייט, ער האָט אויך אָנגענומען אַ פּאָר הויפּנס אייער־פּלוימען, בלוילעכע, לענג־לעכע, מיט אַ הויך אויף זיי, ווי ווען מען כוקעט אויף אַ שפּיגל...

מיט שטאָלצע טריט און מיט אַ סך צערטלעכקייט אין זיין האַרצן איז ער געגאַנגען צו זיין טאָכטער, וואָס האָט געוואוינט ניט ווייט פון אים. בלויז פּאָר פרעמדע מענשן האָט דאָס אויס־געזען, אַז ער גייט צו זיין טאָכטער. אָבער שמחה איז אין דער אמת'ן געגאַנגען צו זיין אייניקל, צום שוואַרץ־אויגיקן יאָסקען.

און ווען שמחה האָט אַן עפן געטאָן די טיר פון זיין טאָכ־טערס הויז, האָט יאָסקע, ווי אַ געבוירן קאָמעדיאַנטל, זיך עטלעכע מאָל איבערגעקוליעט. דערנאָך איז ער געגאַנגען אויף די הענט. שמחה דער סאַדאָווניק האָט אויפגעשיינט: ס'האָט אים דערמאָנט זיין אייגענע ווילדקייט און יונגקייט... שמחה האָט יאָסקען אריינ־גענומען צווישן זיינע קני, האָט אים לייכט געקנייפּט די בעקלעך. און יאָסקע האָט געצופּט דעם זיידנס האַרטע, שטרענגע וואָנצעס. שמחה האָט זיך דערביי אַזוי צעוואַרימט, אַז ער האָט ארויסגע־נומען דעם יאַרכענעם בייטל און האָט אין דעם אייניקלס קליינע הענטלעך אָנגעשאָטן פול מטבעות.

אָבער שמחה סאַדאָווניק האָט אויסגעמיטן צו קומען אָפט צו זיין טאָכטער. וואָרים אין זיין טאָכטערס אויפנעמען אים איז געווען בלויז די נאַקעטע פליכט פון אַ טאָכטער צו אַ טאַטן. איר פּנים האָט ניט געשמייכלט, און אירע אויגן האָבן געוויזן אַ פרעמדקייט. און זי האָט ווייניק גערעדט מיט אים.

די טאָכטער האָט געטראָגן אַ האַס צום פֿאָטערס קאָרגשאַפֿט. אָבער ער, שמחה, האָט באַרעכטיקט זיין קאָרגשאַפֿט מיט דעם, וואָס זיין טאַטע האָט זיך מיט אים אויך אַזוי געפֿירט. ער האָט אים צוגעוואוינט יונגערהייט צו אַרבעטן און אַליין האָט ער זיך געהאַלטן צו אים שטרענג און פֿרעמד. און אַז זיין טאַטע איז געשטאָרבן, האָט ער אים איבערגעלאָזן אין ירושה דעם גרויסן סאָד און אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט איינגעטייטשט, אַז ער, שמחה, זאָל זיך אויך אַזוי פֿירן.

ווען שמחה איז ארויס פון זיין טאָכטערס הויז, האָט ער גע־טראכט וועגן זיין געשטאָרבענעם טאַטן. ער האָט איצט געזען אין זיין גאַנצער געשטאַלט, ווי לעבעדיק — אַ מונטערן, אַ גע־זונטן. זיין אייניקל יאָסקע, דוכט זיך שמחה׳ן, וועט זיין געראָטן אין עלטער־זיידן.

שמחה האָט אָפּגעשלאָסן דעם טויער פון זיין סאָד. נאָר אָפּגייענדיק אַ צען טריט אין סאָד, האָט ער באמערקט, אַז אויף דעם פלוימען־ביימל, וואָס ער האָט גערופן די „וואַזאָנע", איז אַ צווייגל אין האַלב איבערגעבראָכן, אָבער עס האָט זיך נאָך גע־האַלטן אויף דינע „אָדערן". דער סאַדאָווניק האָט באטראכט דאָס צווייגל פון אַלע זייטן און ער איז געקומען צום באשלוס, אַז ניט דער ווינט האָט דאָס געטאָן, נאָר עמיצער האָט זיך זאַ־נאַדיעט ביי אים אין סאָד. יאָ, ער איז זיכער, אַז דאָס ביימל איז געוועזן פאַרשאָטן מיט גרויסע פלוימען, אַז קיין בלעטל האָט זיך נישט ארויסגעזען. און איצט זעט זיך קלאָר דער הימל דורך די צווייגן. אים אַרט שוין נישט אַזוי פאַר די פלוימען, ווי פאַרן ביימל, די „וואַזאָנע"... ס׳האָט אַזש אין אים געזאָטן פאַר כעס, און איבער זיין הויט זיינען איבערגעגאַנגען ציטערלעך...

שמחה איז אריין אין הויז. ער האָט אויפגעזוכט דעם סלווי־טשיק געננזן־שמאַלץ, דאָס קניילכל פאָדים. ער האָט אויך מיט־גענומען דאָס לייטערל און אַביסל ליים. ער האָט זייער פאַוואָליע צוגעשטעלט דאָס לייטערל צום שטאָם פונם פלוימען־ביימל. ער

איז ארויף אין דער הויך, האָט דאָס האַלב־אָפּגעבראָכענע צווייגל איינגעריבן מיט גענוץ־שמאַלץ, צוגעלייגט אַביסל ליים. דערנאָך האָט ער זאָרגפעלטיק, מיט גרויס געניטקייט און אָפּגעהיטקייט צונויפגעשטעלט דאָס צווייגל, ווי ס׳וואָלט געווען אַ יונג צעבראָכן הענטל פון איינס אַ קינד. ער האָט דאָס צווייגל ארומגעבונדן מיט אַ טיכל און מיט אַ סך שטריקלעך, אַנגעצויגן ווי די דראָטן פון אַ פּאַראַסאָל, האָט ער עס צוגעבונדן צו אַ סך אַנדערע צווייגן, כדי דער ווינט זאָל קיין שליטה ניט האָבן...

פאַרטיק געוואָרן מיט דער אָפּעראַציע, איז ער ארויס פון סאָד באטראכטן דעם צאָם. ער האָט געטאַפּט יעדעס ברעטל, צי עס האַלט זיך פעסט אָן די סלופּקעס. דער צאָם איז געווען זייער הויך און פארשאַרפט מיט שפּיצן, און די ברעטלעך זיינען געווען געדיכט צוגעשלאָגן איינס לעבן אַנדערן. מער ווי אַ פעלד־מויז האָט זיך ניט געקאָנט דורכ׳גנב׳ענען. מיט דעם געדולד פון אַ פעלד־ און וואַלד־מענש האָט ער געטאַפּט יעדעס ברעטל באַזונדער... ערשט ער האָט אָנגעטראָפן אַ ברעטל, וואָס האָט אויסגעקוקט, אַז עס האַלט זיך שטאַרק, אָבער נאָר פאר אַ ניט־געניט אויג... פון דעם ברעטל זיינען געווען ארויסגעצויגן די טשוועקעס, דאָך האָט עס זיך געהאַלטן שטייף צום צאָם.

„אַ קלוגער, געניטער גנב״, האָט שמחה אַ לאַך געטאָן. „צוגעקלעפּט מיט סטאָליאַרסקע קליי״.

וואָלט דאָס געווען אין אָנפאַנג זומער, אין די קורצע וואַרימע נעכט, וואָלט ער אים שוין געפּאַקט... מען לייגט זיך ניט ווייט פון בוים. אין סאָד איז פינצטער און שטיל. און ער, שמחה, קאָן דערזען און דערהערן זייער ווייט. און ער קאָן זיך נאָך אַ יאָג טאָן פלינק, אַז מען דאַרף, כאָטש ער איז שוין אַריבער פופציק. און דער גנב מעג זיין גרויס און שטאַרק, ווינשט ער אים פאַרזוכן זיינע, שמחה׳ס, פינגער... דאָרט וועט שוין קיין האָר נישט וואַקסן... אָבער לויטן אָפּגעריסענעם ברעטל, איז דאָס ניט קיין געניטער גנב... דאָס מוז זיין אַ שכנ׳ס אינגל. וואָס

וועט ער גיין זיך אָנפּאַנגען מיט זיינע שכנים? ער האָט אַפילו פאַר זיי קיין מורא ניט, נאָר מיט שכנים איז בעסער, אַז מען לעבט בשלום. און אַגב האָט ער מורא פאַר זיין אייגענעם כעס... אַז זיין האַנט זאָל, חס ושלום, אַראָפּפאַלן אויף דעם אינגל, וועט אים שוין קיין טאַטער נישט העלפן... אָבער אָנלערנען דאַרף מען אים. ווייל אַ אינגל איז ווי אַ מויז: ער קאָן מער קאַליע מאַכן, ווי גנב'ענען.

שמחה איז אַוועק צו דער שטאַל לעבן זיין הויז. ער האָט אויפגעזוכט די צוויי פּאַסטקעס, וואָס ער האָט געהאַלטן אָנגעשטעלט פאַר טכוירן, וואָס האָבן זיך לעצטנס פאַרנאַדיעט צו זיינע הינער. ער האָט די פּאַסטקעס אַוועקגעשטעלט פאַרזיכטיק און אויסגערעכנט לעבן דעם פלוימען-ביימל. ער האָט די פּאַסטקעס שטאַרק צוגעבונדן מיט דראָט ארום שטאַם. דערנאָך האָט ער אָנגעריסן גראָז און פאַרדעקט די פּאַסטקעס. און אַ צופרידענער פון זיין איינפאַל איז ער אַוועק איבער די שמאָלע שטעגעלעך פון סאָד.

ס'איז שוין געווען פאַרנאַכט. די זון האָט פארקושט די ביימער, וועלכע זיינען געשטאַנען אַראָפּגעשווערטע מיט טונקל-גרינע צעפּלעקטע באַרנעס און מיט עפּל, גרויסע ווי די קולאַקעס און מיט רויטע באַקן. די קוסטעס פון די מאַלינעס און וויימפּערלעך זיינען געשטאַנען צעפּלאָנטערטע און שטעכענדיק... די אַגרעס-קוסטן זיינען געווען פארשאָטן מיט לענגלעכע אַגרעסן, פּולינקע, מיט גרינע פּאַסיקלעך — האָבן אויסגעקוקט ווי גרינע קירבעסלעך. אין סאָד האָט זיך געטראָגן אַ שיכרות'דיקער ריח פון די אַראָפּגעפאַלענע פרוכטן, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין גראָז צעבאַקטע פון דער זון. פייגל האָבן געפּישטשעט, און ס'האָט זיך געהערט אַ געזשום פון פליגל און בלעטלעך.

דער פאַרנאַכט און די אַלע קלאַנגען... און דער סאָד מיט די אַלע וועגעלעך האָט איצטער דעם מגושמ'דיקן, האַלב-ווילדן שמחה'ן געמאַכט צו פילן גוט און צערטלעך אַפילו. און ער האָט

איינגאַנצן פאַרגעסן פון זיין כעס אויף דעם אינגל, וואָס האָט זיך פאַרנאַדיעט אין סאָד. ער איז אריין אין הויז, און ווי די טבע זיינע איז געווען, ווי די זון פאַרגייט, האָט ער זיך געלייגט שלאָפן. שמחה האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף זיין געלעגער. עס האָט ניט גענומען קיין צוויי מינוט, איז ער איינגעשלאָפן מיט זיין געוויינ־לעכן, האַרטן, זיכערן שלאָף. אָבער אינמיטן שלאָף איז זיין געשטאָרבענער טאַטע אים געקומען צו חלום. ער איז געקומען אין ווייסן אָנגעטאָן און מיט אַ גראָבן שטעקן. ער האָט זיך גע־שטעלט נאָענט לעבן זיין בעט און ער האָט אויפגעהויבן איבער אים דעם שטעקן און אים געפּלעט דעם קאָפּ. שמחה האָט גע־פילט, אַז דער קאָפּ האָט זיך אים צעשאָטן ווי אַ ליימענער טאָפּ... ער האָט זיך געטאַפּט פון שלאָף דעם קאָפּ. — ערשט ער וועקט זיך פון אַ יאָמערן. שמחה האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט פון בעט. און ער ווייסט ניט וואָס מיט אים איז געשען... קולות דערטראָגן זיך פון סאָד. און די געשרייען זיינען שמחה'ן נאָענט און באַ־קאַנט. ער לויפט אין די גאַטקעס אין דער פינסטער דורכן סאָד. ער לויפט און פאַלט און שטייט אויף, און עס רינט פון אים בלוט. און דער פאַרצוויפלטער געשריי איז פון אַ לעבעדיקן ווען, וואָס אָט־אָט עקט ער זיך. און ווען שמחה איז אַ פאַל־געטאָן לעבן די פּאַסטקעס, האָט ער דערזען זיין ליב אייניקל יאָסקע איינגע־קלעמט דאָס טריט פון זיין פיסל אין דער שאַרפער, שווערער פּאַסטקע.

# אַ פויגל

בעבל די נייטערקע האָט געטריבן אַ גאַנצן פרימאָרגן לוסטיק די נייע מאַשין. זי האָט מיט געפאַקטער אומגעדולד געוואַרט, אָט־אָט קומט ער אָן. זי האָט פון ווייל צו ווייל געקוקט אין פענצטער. זי האָט געקוקט אָן אַ זייט, הארט צו דער וואַנט צו און מיט אַ שעמעוודיקן געפיל דערביי: ווען די וואַנט וואָלט געווען פון אַ ווייכן שטאָף, וואָלט זי אין איר פאַרזונקען געוואָרן. מיטאַמאָל האָט זיך אַ ווייז געטאָן אַ פערד־און־וואָגן. פון וואָגן איז לייכט ארויסגעשפרונגען אַ יונגערמאַן מיט אַ ברוינעם לעדערנעם רענצל אין די הענט. בעבל האָט געזען, ווי ער האָט זיך גיך צעצאָלט מיטן פורמאַן און פאַרשוואונדן אין זיין שוועס־טערס הויז אריין.

בעבל האָט נאָכגעקוקט די פור, וואָס האָט זיך אויסגעקערע־וועט לאַנדיק אַ פוסטן פלאַץ. דער פוסטער פלאַץ האָט זיך בעבלען אויסגעמאָלט, ווי מען צונעמט אַמאָל אַ בנין: דאָס פלאַץ בלייבט לער. אָבער דאָס הויז שטייט פאַר די אויגן... הגם דער גאַסט איז שוין געווען לאַנג אין זיין שוועסטערס הויז, האָט בעבל אים נאָך אַלץ געזען דאָ אויפן פלאַץ, וואו די פור איז נאָר־וואָס געהאַט צוגעפאָרן. זי האָט געזען: ער האָט אַ מאָגער פנים, אַ טונקעלע גלאַטע הויט און זייער יונגע בליציקע אויגן. די ווייסלען פון זיינע אויגן זיינען אויסגעמישט מיט פייער. זיי וועקן זיך פאַרפירעריש. בעבלען איז אַ ציטער דורך. זי איז אַוועק פון פענצטער, זיך געזעצט ביי דער מאַשין, נאָר ניט גענייט. זי האָט שטענדיק געטראַכט פון אַזאַ פנים: מאָגער, טונקל און בליציקע אויגן... איר האָט זיך איצטער געוואָלט זיין וואָס גיכער ביי איר שכנה אין הויז, אַ קוק צו טאָן אויפן גאַסט — איין קוק, מער ניט, און אַוועקגיין.

ס'איז אָבער געווען אין מיטן טאָג... וואָס וועט זי גלאַט אינמיטן דערינגען אַריינפאַלן צו איר שכנה?

נישקשה, זי קאָן גאַנץ גוט גיטל די קרעמערקע! אַלע רופן זי „גיטעלע"! זי איז אַ וואוילע ווייבל. זי איז איבערגעשפּיצט און טשיקאַווע. זי וועט זי גלייך אַ פרעג טאָן:

— בעבל, ס'איז דאָך היינט ערב יומטוב. מיר איז באמת אַ חידוש, אַז איר מיט אייערע גאָלדערנע הענט זאָלט ניט האָבן קיין אַרבעט? — און מיט אירע קרעמערשע אויגעלעך וועט זי דורכקוקן איר האַרץ.

ניין, זי וועט איצט ניט גיין פאַר קיין פאַל. מען זאָל זי אַפילו אָפּגילטן. נאָר אַזוי ווי די הענט האָבן זיך בעבלען ניט געלייגט צו דער אַרבעט, און כדי צו זיין מיט עפּעס פאַרנומען, האָט זי אָנגעהויבן פאַנאַנדערנעמען די ניי־מאַשין.

מיט אַ לאַנגן שרויפנציער האָט זי אָפּגעדרייט יעדן שריי־פעלע באזונדער, זיי גוט דורכגעקוקט. זי האָט צענומען די מאַשין אויף פּיצלעך. יעדן טייל האָט זי אויסגעווישט און דורכ־געצויגן אויף אַ שטיקל ווייסן לייוונט. דערנאָך האָט זי מיטן לאַנגן שרויפנציער אַריינגעשרויפט יעדעס טיילכל אויף זיין פּלאַץ און אַריינגעבולקעט אין יעדן לעכעלע אויל.

ווען די מאַשין איז שוין געשטאַנען אויפגעשטעלט און גלאַנציק, האָט בעבל דערפילט, ווי זי האָט נאָר־וואָס אויפגעטאָן זייער אַ נוצלעכע אַרבעט. בעבל איז געזעסן פון וויטן, געקוקט אויף דער מאַשין, וועלכע האָט זי געשראָקן מיט איר גלאַנציקייט. עס האָט איר דערמאָנט דעם פרעמדן יונגנמאַנס גלאַנציקע אויגן... ווען זי האָט איבערגעדעקט די מאַשין מיט אַ ווייס ציכל, איז זי געבליבן צופרידן און איינגעשטילט... זי האָט זיך אָנגעגאָסן אַ שיסל וואַרימע וואַסער, געוואַשן לאַנג דעם האַלז, דאָס פּנים און די הענט. נאָכן אָפּווישן די הענט, האָט זי זיך אויף זיי פאַר־קוקט. די הענט זיינען איר געוואָרן ראָז, און ווי אימיצער האָט זיי

אויסגעגלעט. פאַר ליבשאַפט האָט זי ארומגעכאַפּט איר פּנים און געפילט בשעת מעשה, אַז גיטעלעס גאַסט האָט זי ארומגע־נומען. זי האָט זיך דערשראָקן. איר איז איינגעפאַלן אַ קוק צו טאָן אין שפּיגל, ווי זעט זי אויס, ווען זי איז דערשראָקן...

פון שפּיגל האָט ארויסגעקוקט די ניינצן־יאָריקע בעבל מיט איר שטילן, פרומען פּנים. בעבל האָט ניט ליב געהאָט איר פרומען פּנים. אין אירע אַלע מיידלשע יאָרן האָט זיך קיינער פון די בחורים ניט געקערט צו איר... בעבל ווייס אָבער, אַז זי איז אַ פריילעכע ביז גאָר!

דאָס בלוט זינגט ביי איר אין די אָדערן. זי האָט שטראַלנ־דיקע אויגן און אַ פּאַרריסן דורשטיק נעזל. זי האָט רונדיקע עלנבויגנס און אַ בליענדיקע הויט. אמת, זי איז אַביסל קליין אין וואוקס, אָבער פּאַרקערט, דאָס זאַמלט אויף איר לעבעדיקייט און רירעוודיקייט. זי איז אַוועק פון שפּיגל אונטערטאַנצענדיק. דערנאָך האָט זי גענומען שטיל זינגען צווישן די ציין, אונטערן נאָז. דער נגון איז איר שטאַרק צום האַרצן געוועןן, זי האָט אים אָנגעהויבן ציען פולער פּאַרטראַכטער. איר האַרץ האָט פאַר־נומען אַ גרויסן, אַ שטילן געבעט.

פון די פענצטער האָט שוין אריינגעקוקט דער פאַרנאַכט, די זון איז נאָך געשטאַנען הויך אין הימל. נאָר געניינט צום מערב. דער דרויסן האָט זיך געשאָטנט. ס'האָט זיך שוין געשפּירט דער פריייטאָג פאַרנאַכט. איבערן גאַס זיינען דורכגעגאַנגען צוויי יונגע אויסגעצוואָגענע מיידלעך מיט צעפלאַמטע באַקן. בעבל האָט אָנ־געטאָן איר סאַמעטענע קלייד. זי האָט ארויפגעטאָן פּאַטשערקעס אף איר ווייסן האַלז. אַף די האָר האָט זי זיך אָנגעגאָסן פון אַ קליין פלעשעלע פּאַרפיום. זי האָט אָפּגעריסן אַ רויטע בלום, וואָס האָט געבליט אין אַ וואַזאָנע, זי האָט דאָס אריינגעשטעקט אין איר בליוזע. אָן אויסגעפּוצטע איז זי צוגעגאַנגען און פאַר־קוקט אין גיטעלעס פענצטער: אין פיר לייכטער האָבן דאָרט

פיר ליכט געברענט. די פייערן האָבן זיך געשפּיצט מיט פיר באַזונדערע ביינקשאַפטן.

בעבל איז אַרויס אויפן בריקל פון איר הויז. זי האָט געקוקט לייגג־אויס איבערן גאַס. דער פאַרנאַכט האָט אַראָפּגע־נידערט פון די דעכער. פון אַלע אידישע הייזער האָבן אַרויס־געשיינט די פייערלעך פון די ליכט. די פייערלעך האָבן גע־ציטערט, געוויקלט די טונקעלע גאַס אין אַ הייליקייט.

בעבל איז אַראָפּ פון בריקל און זיך געלאָזט גיין איבערן גאַס. זי האָט געוואָלט זיך איצט באַהעפטן מיט דער שטילקייט. זי האָט געוואָלט פאַרוועבן זיך מיט דער טונקלקייט... איר האַרץ איז געווען אָנגעקוואָלן און פול אין די ברעגעס.

זי האָט ניט באַמערקט, ווי זי איז צוגעגאַנגען צו גיטעלע דער קרעמערקעס טיר און זי אָן עפן געטאָן. ליכט, וואַרעמקייט און פריש־געבאַקענע זאַכן האָבן אַ שלאָג געטאָן צו איר פּנים.

— סאַראַ גאַסט! סאַראַ גאַסט! קומט אַריין, בעבל, ווייטער. איר זייט דאָך עפּעס אַן אייגענער מענטש.

בעבל האָט זיך געזעצט אויפן ערשטן שטול וואָס זי האָט דערזען. זי האָט זיך אַ גלעט געטאָן מיט די הענט איבער איר הייסן פּנים. זי האָט צוויי מאָל אַ זאָג געטאָן צו גיטעלען:

— ליב אייך מיט אייער גאַסט!

— אַ שיינעם דאַנק אייך, בעבל. וואָס זאָגט איר, בעבל, אויף מיין גאַסט? דאָס איז דאָך דער מוזיניק אונזערער.

דער גאַסט האָט זיך אויפגעהויבן, דערלאַנגט בעבלען די האַנט און זיך טיף און דויערנדיק פאַרנייגט. בעבל האָט גע־האַלטן אַראָפּגעלאָזן די אויגן, נאָר זי האָט אים געזען אינגאַנצן ווי באַטאָג אַפן פּוסטן פּלאַץ. און אַ צייט נאָכדעם האָט זי נאָך געפילט זיין האַנט־דרוק. דאָס איז ניט געווען אַ פּראָסטער דריק אין האַנט, נאָר אַ שטיל איבערגיסן זיך פון אַ פרעמדען, שטאַרקן ווען... ס'האָט איר אַ צייט נאָכדעם געקלאַפּט דאָס האַרץ...

שפּעטער איז בעבלען געוואָרן בעסער. אין גיטעלעס שטוב

זיינען זיך צונויפגעקומען שכנים, בחורים און מיידלעך. אין שטוב האָבן העל געבליצט לאָמפּן. די בחורים און די מיידלעך זיינען געזעסן באַ די ווענט צוגעטוליעטע איינס צום אַנדערן. זיי האָבן געזונגען, געפּאַטשט מיט די הענט. און מולקע, דער גאַסט, האָט זיך אויסגעטאָן דאָס רעקל, די זיידענע העמד און געוויזן זיין יונגן, בויגיקן קערפּער. מולקע האָט געטאַנצט. דער דיל און די סטעליע זיינען אַוועקגעשוואומען. בעבלען האָט זיך געדאַכט, אַז ער קען גיין איבער גלעזער. און אָט איז ער לעבן איר. זי זעט זיינע אויגן, די ווייסלען זיינען מיט פייער אויסגעמישט. ער נעמט זי אָן פאַר דער טאַליע שטייף מיט זיינע שמאָלע הענט. ער גיט זי אַ פיר אין אַ קרייז.

עס שווינדלען פאַר איר די פענצטער, די ליכט. זי ווערט אַזוי קליין, ווי אַ פייגעלע אַ צוגעטוליעטע, אַן אַוועקגעטראָגענע אף גרויסע פליגלען פון אַ פויגל...

— — — — — — — — — — — — — — — —

## דער זומער איז געקומען

זרח האָט געשמעקט די לופט ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע חיה.

— דער זומער איז אויפן שוועל — האָט ער מיט זיין אויפּגעהויבענעם קול, ווי געוואָלט זיך איבערצייגן.

ער האָט מיטן רידל אַ גראָב געטאָן אין דער אויפגעגאַנגענער ערד. דער ריח פון ווינטער האָט אַ שלאָג געטאָן צו זיין נאָז. נאָר ווען זרח האָט איבערגעקערט דעם צווייטן רידל ערד האָט ער דערזען אַ ליינגלעך־ראָזעווון וואָרעם, וועלכער האָט אין זיין בלינדקייט דערפילט, אַז מען זעט אים.

זרח איז אריין אין שטוב אַ פריילעכער.

— מיין ווייב! — האָט ער ווי אויסגעזונגען — דער זומער איז דאָ!

בליומע, זיין ווייב, האָט אַ קוק געטאָן אויף אים:

— זרח, ביזט משוגע, מיינע שונאים? ערשט היינט איז־דערפרי איז דאָס וואַסער אין פּעסל געווען פאַרפראָרן.

— בליומע, בליומע! — האָט ער זי אָנגענומען פאַר דער האַנט און זי צוגעפירט צום פענצטער. — זעסט ניט ווי עס גרינט?

בליומע האָט געפינטלט מיט די אויגן:

— איך זע גאָרנישט! און דו, זרח, זעסט גאָרנישט!

זרח האָט אַ לאַך געטאָן:

— זעסט, אַפילו דער הימל איז אַנדערש. ווי נאָך אַ קריינק...

— זרח, לאָז־אָפּ! ביזט צו שטאַרק אויפגעקלערט. דיין קאָפּ וועט דאָס ניט פאַרטראָגן...

זרח האָט זיך דערפילט געטראָפן זייער שאַרף. ער האָט זיך אָפּגערוקט פון פענצטער און ער האָט אָנגעקוקט זיין בליומען, וועלכער ער האָט דוקא זייער האָלט:

— בליומע, ביי דיר, ווייזט אויס, איז דעמאָלט זומער, ווען עס דונערט, ווען עס בליצט און ווען די זון באַקט ווי אין אַ קאַלכ־אויוון.

שפּעטער, ווען בליומע האָט געזען, אַז זרח האָט אַראָפּגענומען פון טשוועקל די טאָרבעטשקע אוגערקעס־זוימען, האָט זי אים גאָרנישט געזאָגט. זי האָט געקענט איר זרח'ן דורך און דורך. ער איז גראָד אַ גוטער מענש, נאָר ער האָט אין זיך אַזעלכע משוגעת'ן, אַז ער שמועסט זיך עפּעס איין, קאָן אים קיינער אין דער וועלט ניט איבעררײדן.

זרח האָט די אוגערקעס־יאָדערלעך אויסגעשפּרייט אויף דער פלאַך פון זיין האַנט, געבלאָזן אויף זיי, און אויב אַ יאָדערל איז געווען מיט אַ פלעק, אַ פּגימה, האָט ער עס אַראָפּגעשאַרט פון טיש, און ווען ער האָט אָפּגעקליבן די ווייסע, פולע, פאַרשפּיצטע יאָדערלעך, האָט ער זיי זאָרגפעלטיק ארײנגעשאָטן אין אַ פלאַש, ער האָט אָנגעטאָן דעם ווינטערדיקן בגד, איז צוגעגאַנגען צו בליומען און איר אָנגענומען ליבלעך פאַר די אַקסלען:

— איך גיי באַשטעלן לייבען, ער זאָל מיר אויפאַקערן דעם גאָרטן.

בליומע האָט אים אָנגעקוקט פאַר'חדוש'ט, און כאָטש זי האָט אים גאָרנישט אַנטקעגן גערעדט, האָט זרח געפילט אַ סך טענות צו זיך, און ער האָט זיך פאַרענטפערט:

— בליומע, פאַרלאָז זיך אויף דיין זרח'ן. אין אַ פּאָר טעג ארום וועט ווערן וואַרעם אין דרויסן, און לייבען פאַר אַקערן דאַרף איך ניט באַצאָלן מיט קיין מזומן. פאַר אַ פּאָר גלעזער אוגערקעס־זוימען וועט ער מיר דעם גאָרטן אויפאַקערן. ער וועט זיין צופרידן. איך וועל אים געבן די זוימען פון פלאַש.

אין אַ פּאָר טעג ארום איז זרח מיט בליומען ארויס באַטראַכטן זייער אויפגעאַקערטן גאָרטן.

ווייט האָבן זיך געצויגן די שוואַרצע פאַסן ערד. די ערד אַן אויסגעאַקערטע אין גלאַנציקע פלאַכטעס, האָט אויסגעקוקט ווי

שטיקער טשוגון. עס האָט ארויסגעקוקט שטרוי פון מיסט, ווי מען וואָלט עס דורכגעצויגן דורך ציבוקעס פון רויכערדיקע ליולקעס. נאָר ווען בליומע האָט דערזען די קראָען און אַזוי פויגלען וואָס זי ווייס ניט זייערע נעמען, ווי זיי האָבן געשפּאַצירט איבער דעם צעאַקערטן פעלד, האָבן געפּיקט און צעשאַרט מיט זייערע נעגלדיקע פּיסלעך די ערד, האָט בילומע זרח'ן געגעבן שטילערהייט געדעכט: די פויגלען זיינען גוטע סמנים פון זומער.

— ווייסט, בליומע, איך רעכן היינטיקס יאָר פאַרזעצן מער אוגערקעס ווי אַלע יאָר. עס ווייזט מיר אויס, אַז דער זומער וועט זיך שטעלן זייער פרי, און פאַר אוגערקעס איז דאָס זייער גוט. אַ פריער זומער קומט אַלע מאָל מיט אַ סך רעגנס. און רעגנס איז ניט גוט פאַר ציבעלעס. און סיי ווי סיי איז אונזער פעלד ניט אַזוי גוט פאַר ציבעלעס, די ערד איז צו פעט און שוואַרץ. ציבעלעס האָבן ליב אַ מאָגערע, זאַמדיקע ערד.

— טו וואָס דו ווילסט, זרח, איך וועל זיך ניט מישן. נאָר ווען ס'וועט קומען צום פאַרקויפן, זאָלסטו דאָס לאָזן צו מיר, ווייל דו ווייסט קיינמאָל ניט דעם ריכטיקן מקח. אָדער ביי דיר איז דיין סחורה דאָס איינציקע אויף דער וועלט, מיט קיין רענדלעך קען מען ניט אָפּצאָלן, אָדער פאַרקערט, טאָמער איז אַ גערעטעניש, נעמסטו אַזוי פּאַטשן, אַז כאָטש נעם און צאָל נאָך צו, און מיט אַ קוש אין הענטל...

— אַ מענה לשון אַ ביסל... אָבער די אידענע איז גערעכט, — האָט זרח ביי זיך געטראַכט.

און גייענדיק צוריק מיט בליומען פון דעם אויפגעאַקערטן פעלד, האָט ער זי געהאַלטן פאַרן האַנט, ווי אין זיינע יונגע יאָרן... און בליומע האָט זיך צו אים געלאַשטשעט, שעפּטשענדיק:

— אין דרויסן איז נאָך רוי און קאַלט. איך האָב זייער מורא מיטן פאַרזעצן דעם גאָרטן. וואָלסט זיך געדאַרפט אָפּהאַלטן פאַר

אַ וואָך, צוויי. איך זע ניט אײן פאַרוואָס דו דאַרפסט אַלעמאָל זײן דער ערשטער.

— בליומע! בליומע! — האָט איר זרח אָפּגעלאָזן די האַנט. — דאָס איז גאָרנישט וואָס אין דרויסן איז נאָך קאַלט. די ערד איז שוין אויפגעגאַנגען און עס שלאָגט אַ פּאַרע... מאָרגן מירצעשעם גאַנץ פרי וועל איך באַשטעלן מענטשן צו מאַכן די בייטן. הײנטיקע וואָך מוז דער גאָרטן פאַרזעצט ווערן מיט הכּל־בכּל. דאַרפסט זיך ניט דאגה׳ן, בליומע, כּל זמן די זוימען זײנען אין דער ערד, וועלן די קעלטן קײן שאָדן ניט טאָן. איך בין כּמעט זיכער, אַז אין צוויי וואָכן ארום וועט דער זומער זיך אײנ־שטעלן.

— זרח, זרח, גיב מיר בלויז צו פאַרשטײן דעם אונטערשייד, אַז דו וועסט פאַרזעצן דעם גאָרטן מיט אײן וואָך שפּעטער...

— עס איז שוין גאָר אַן אונטערשייד. פאַרוואָס קאָן זיך קײנער ניט פאַרגלײכן מיט די זוימען וואָס אונזער גאָרטן גיט ארויס?

אין אַ וואָך ארום איז זרחס גאָרטן געווען פאַרזעצט פון ברעג צו ברעג. זעקס פולע בייטן האָבן זיך געצויגן מיט דורכגעשניי־טענע ראַזאָרעס.

זרח איז אַלע טאָג ארויס צו זײן גאָרטן. ער האָט אויפגעע־שאַרט די ערד אין עטלעכע פלעצער. די יאָדערלעך פון די אוגערקעס זײנען געווען קאַלטע און פאַרשוואַרצטע... ער האָט זיי צוריק פאַרשאַרט און אַ שטאַרקער זיפץ האָט זיך ביי אים ארויסגעריסן: די אידענע איז הײנטיקס מאָל גערעכט — וואָס האָט ער זיך געיאָגט? אים אַרט שוין ניט די אומזיסטע האָרע־וואַניע. ער האָט דעם גאָרטן הײנטיקס יאָר פאַרשפּילט... עס וועט אים נאָך אויסקומען קויפן ביי זײנע שכנים אַן אוגערקע אויף „שהחיינו”... ער איז געגאַנגען פון גאָרטן פאַמעלעך מיט טרויעריקע געדאַנקען.

פּלוצים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט דערזען אַ הויכן

בושעל אַרומשפּאַצירנדיק אויפן פעלד. פּאַר פרייד האָט זרח אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט. דער בושעל האָט קלוג אַ קוק געטאָן צו אים און ער האָט בלויז פאַרשנעלערט זיין שפּאַציר איבערן פעלד.

„אַ שטאָלצע בריאה", האָט זרח אַ שמייכל געטאָן און צוזאַמענגענומען די פּאָלעס וואָס דער ווינט האָט צעבלאָזן.

— דער ווינט איז פון מערב, — האָט זרח גערעדט צו זיך. — דער ווינט מוז אָנטראָגן אַ וואַרעמען רעגן.

ער איז געגאַנגען צום הויז מיט בטחון...

— בליומע! — האָט ער אריינגעשריען אין שטוב. — איך גיי אַראָפּ אין קעלער נאָך די עטלעכע בוריקעס וואָס איך האָב געלאָזן פון לעצטן יאָר אויף נאָסעניע. איך בין נאָר־וואָס געווען אין גאָרטן. עס גייט כשורה. די אוגערקעס נעמען זיך צו. עס וועט זיין אַ גערעטעניש...

פאַרנאַכט האָט זיך פאַרכמאַרעט און אַ וואַרימער ווינט האָט געבלאָזן. וואָלקנס האָבן שווער באַלאַגערט דעם הימל. אַ שאַרפער בליץ האָט דורכגעשניטן די וואָלקנס.

בליומע אַ דערשראָקענע האָט צעשטעלט גלעזער וואַסער אויף די פענצטער... אָבער זרח האָט געשיינט פאַר גליק... און ווען עס האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן אין דאַך איינציקע שווערע טראָפּנס רעגן האָט זיך זרח ווי אַ אינגל צעטאַנצט.

די בליצן זיינען געוואָרן העפטיקער. זיי האָבן מורא'דיק באַלויכטן דעם הימל. און דער רעגן האָט זיך פון מינוט צו מינוט פאַרשטאַרקט. אין דרויסן האָט געברומט פון דער נאַוועליצע און איבער די פענצטער האָט דאָס אַזוי געשווענקט, ווי פון צעבערס.

אין אַ פּאָר טעג אַרום ווען זרח איז אַרויס מיט בליומען, האָבן זיי דעם גאָרטן ניט דערקענט: די לאַנגע, שוואַרצע בייטן האָבן געברענט מיט יונגער גרינקייט...

# אונטערגעבויט דאָס הויז

## .1

חאַצקל דער קירזשנער האָט אויסגעלייגט אַ שטיק געוואַנט אויפן גרויסן טיש און מיטן ווייסן קרייטל אָנגעצייכנט גרויסע קויקן. חאַצקל האָט געמאַרקירט און געמאָסטן, עס זאָל ניט גיין קיין סחורה אין ניוועץ. ער האָט געפילט גרויס ווירדע אין זיך, ווי קונציק ער מעסט אויס אַ שטיקל סחורה, אַז אַ פאָדים ווערט ניט פאַרפאַלן... די היטלען זיינע וועט מען זיכער פאַרצוקערן אויפן יאַריד.

ער האָט אַראָפּגענומען אַ פאַרטיקע היטל פון פּאָליצע און זי געמאָסטן אויפן קאָפּ, און געפילט דערביי די זעלביקע הנאה, ווי ער אַליין וואָלט נאָר וואָס געקויפט אַ נייע היטל... — ס׳זיינען דען היטלען? ס׳זיינען דאָך לעבעדיקע פויגלען!... ס׳איז נאָר אַ שאָד, וואָס ברײנע, זיין ווייב, פאַרשטייט ניט, וואָסערע גאָלדענע הענט ער האָט... זי ווייסט נאָר איין זאַך: זי איז מקנא אַנדערע... ער ווייס ניט — ער האָט דאָך שוין אויפגענייט אַזויפיל היטלען, אָבער אים דוכט זיך, אַז יעדע נייע היטל, וואָס ער, חאַצקל, גיט ארויס, קומט ארויס לופטיקער, אויסגעוואַקסענער, כאָטש נעם און מאַך אַ ברכה איבער איר. וואָס דאַרפט איר מער, ער דערקענט אַפילו, ווער עס טראָגט זיינע אַ היטל אויפן קאָפּ; יענער מענטש זעט ביי אים אויס חשוב׳ער און שענער...

ער שערט פּאַמעלעך אויס די קויקן, קירעווענדיק דעם עלנ־בויגן. ער פילט זיך שטאָלץ, וואָס אַזעלכע היטלען קען ער נאָר מאַכן, ניט קיין אַנדערער... און פונדעסטוועגן לעבט ער דאָך שוין מיט אַ ווייב, קען מען זאָגן, אַזויפיל יאָרן און זי פאַרשטייט אים ניט. און דער עיקר, זי וויל אים ניט פאַרשטיין...

„וואָס טויג מיר", זאָגט זי, „וואָס דו מאַכסט שיינע היטלען, אַז די שטוב וואַליעט זיך איין... אַז פון דאַך רינט און די קינדער קריינקען דערפון? וואָס איז מיר דער יחוס אַ גוטער בעל־מלאָכה? בעסער איין שטיקעלע מזל, איידער צען גאָלדענע הענט".

.2

חאַצקל איז היינט פריילעך ביז גאָר. ער קוקט ארויס אַלע ווײלע דורכן פענצטער. דער דרויסן, דוכט זיך חאַצקלען, איז ווי יום־טוב׳דיק. ס׳איז אָנפאַנג זומער, עס גרינען אַלע בוימער. און אָט וועט אים אַנטאַק ברײנגען דעם ערשטן אָפּגעזעגטן בוים. ער האָט אַנטאַקן געגעבן אויף צופריער 25 רובל. דאָס וועט דעם פויער צוגעבן גלויבן: „אויב איך געטרוי אים... איך האָב נאָך קיינמאָל קיינעמס ניט פאַרנומען. איך האָף, אַז דער יאַריד וועט מיר אַריינברענגען אַ שיינע קאָפּיקע. היטלען האָב איך אָנגעגרייט אַ סך און אויף מיינע היטלען וועלן ניט פעלן קיין קונים"...

חאַצקל שטעלט צו אַ בענקל צום טיש, קריכט אויף אים ארויף, ער קוקט אַריבער די פּאָליצעס, עס ליגן דאָרטן שטיקער סאַטין, רעשטן קאָרט, באַראַשקענע פעלכלעך. „ס׳איז ווערט ביי ק"ן רובל. אַז איך וועל דאָס אויסאַרבעטן, ווער וועט דעמאָלט זיין צו מיר גלייך? נישקשה, די שטוב וועט שוין דעמאָלט זיין אָן אונטערגעבויטע און דער אויוון וועט ניט רויכערן"...

נאָר מיט אַמאָל האָט חאַצקל דערהערט אַ קרעכצן, אַ רודערן אין דרויסן. ער האָט ארויסגעקוקט דורכן פענצטער און גע־בליבן שטיין געפּלעפּט: אַ גרויסער, אָפּגעזעגטער בוים איז גע־לעגן אויסגעצויגן איבער אַ צענומענעם וואָגן. דער בוים איז געלעגן געבונדן אין שטריק און אין קייטן. חאַצקל איז ארויס צו אַנטאַקן מיט געמאָסטענע טריט, מעשה בעל־הבית... ער האָט אים געגעבן שלום און געקוקט פאר אַ ווײלע אַנטאַקן אין די אויגן... ווי איינער זאָגט: ביזט אַ קלוגער פויער. ווייסט, ניש־קשה, מיט וועמען דו האָסט זיך אָנגעפאַנגען... עס וועט דיר

גאָרניט געמינערט ווערן פאַר דיין האָרעוואַניע. און חאַצקל האָט געשיקט, גאָרנישט ווי אַ קירזשנער, געהאָלפן אַנטאַקן אָפּלאָזן די קייטן און פאַנאַנדערקניפּן די שטריק פון בוים. אין אַ קורצע ווײַלע איז שוין איין זייט בוים געלעגן אײַנגעגראָבן אין דער ווייכער ערד.

אַנטאַק האָט אָנגענומען זיין פערדל פאַרן צוים, דאָס האַלבע וועגל האָט זיך אַ קייקל געטאָן און דער בוים איז אַ פאַל געטאָן „טשמאַלאָם" אויף דער ערד.

חאַצקל האָט אַריינגערופן אַנטאַקן אין שטוב.

חאַצקל האָט זיך געפּאָרעט מיט אַ קרייצער ארום העלזל פון אַ פלעשל ספּירט. אָבער אַנטאַק האָט פּאַמעלעך ארויסגענומען ס'פלעשל פון חאַצקלס הענט און מיט זיין שטאַרקער דלאָניע אַ קלאַפּ געטאָן אין אונטערשטן טייל פון דער פלעשל. דער קאָרעק האָט ארויסגעשאָסן און זיך אָפּגעקלאַפּט אָן וואַנט. די בראַנפן אין פלעשל האָט זיך געיאָגט צום העלזל צו אין דראָבנינקע, גרויענקע קייקעלעך...

זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט, זיך געוווינשעוועט...

אין דרויסן האָבן שוין יאָשע דעם שכנס אינגלעך געריטן ליינג־אויס אויף דעם קלאָץ און האָבן געשיילט אין לאַנגע, גלייכע פּאַסן די קאָרע. דאָס ווייסע לייב, וואָס האָט זיך אויפגעדעקט פון דעם בוים, איז געווען קלעפּיק און עס האָט אַריינגעשלאָגן אין אַ געלקייט.

.3

דער יאַריד, צו וועלכן חאַצקל האָט זיך געגרייט, האָט אים טאַקע אַריינגעבראַכט שיינע עטלעכע רובל. מען קען זאָגן, אַז דער יאַריד האָט אים צענומען די הענט. חאַצקל האָט טאַקע גלייך אויף מאָרגן באַשטעלט חיים־בער דעם טשעסלער. ער האָט זיך מיט חיים בערן לאַנג געאַמפּערט, געדונגען און אַלץ אויס־גערעדט אויף פריער. ער האָט אַפילו אָפּגעמאַכט מיט חיים

בערן, אַז די אונטערבויערס, די זעגערס, געהערן צו אים. עס הייסט, אַז ער דאַרף זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער גאַנצער אַרבעט וואָס עס דאַרף דאָ אָפּגעטאָן ווערן.

— און אויב איר ווילט, ר׳ חיים בער, — האָט אים שוין חאַצקל מיט גרויס ווירדע אָנגערופן, — קענען מיר זיך אָפּשרייבן ביי מענטשן. די ערשטע ראַטע צאָל איך אייך שוין איין, און די לעצטע — ווען דאָס הויז וועט זיין אונטערגעבויט. אָבער געדיינקט, חיים בער, איך וויל האָבן, אַז די אַרבעט זאָל זיין קיילעכדיק און שפּיציק... פאַרשטייט איר מיך? איך זאָל קאָנען זאָגן מיטן פולן מויל: חיים בער דעם טשעסלערס הענט זאָלן זיין געבענטשט!״

חיים בער, אַ איד אין די מיטעלע יאָרן, אַ שוויגער, האָט זיך אויפגעהויבן מיט אַמאָל פון ביינקל און אָנגעקוקט חאַצקלען פאַר אַ וויילע, אַזוי ווי חאַצקל וואָלט ביי אים געווען אַ ווילד פרעמדער. אָט אַזוי פאַרשנדיק האָט ער אים באטראַכט און דערנאָך האָט ער זיך אָפּגערופן:

— חאַצקל, זעצט אייך נאָר צו אַ ביסל און זייט ניט אַזוי צעטראָגן. ניט אייערע איז דאָס ערשטע הויז וואָס איך בוי אונטער, און איך האָף, אַז דאָס איז ניט דאָס לעצטע. וואָס איז שייך דער אַרבעט, פאַרלאָזט זיך נאָר אקאָרשט אויף חיים בערן... נאָר וויסן זאָלט איר, חאַצקל, אַז דער מקח איז אַזוי ווי איך האָב אייך געזאָגט, אַ פּרוטה ניט וויניקער. איר באַדאַרפט וויסן, אַז דאָס איז זומער! הענט קאָסטן טייער. זיך ניט אָפּצוצאָלן. נאָר דאָס איז ניט אייער עסק. איך, חיים בער, נעם זיך אונטער, אַז אין צוויי מאָנאַטן צייט וועט חאַצקל וואוינען אין אַן אונטערגעבויטער הויז. און איצט גייט געזונטערהייט אַהיים. מאַכט אייערע היטלען וואָס פלינקער, ווייל איר וועט דאַרפן האָבן אַ היפּשע ביסל אויסלייז געלט...

חאַצקל איז ארויס פון חיים בערס הויז מיט אַ טאָפּלטן געפיל, אי אויפגעשיינט, אי אַנטמוטיקט. אויפגעשיינט פון דער פאַנ־

טאַזיע, אַז אַט וואוינט ער שוין אין דער אונטערגעבויטער הויז מיט גרויסע, ליכטיקע פענצטער, מיטן נייעם שינדעלנעם דאַך. דער רעגן וועט אָפּשפּרינגען אויפן דאַך און וועט קלינגען ווי זילבערנע מטבעות... אַנטמוטיקט איז ער, ווייל אים שפּאַלט זיך פּשוט דער קאָפּ: וואו וועט ער נעמען אַזויפיל געלט? ביינע זיינע איז גערעכט. —

חאַצקל! — זאָגט זי, — פּאַנג זיך בעסער ניט אָן מיט דער אַלטער חורבה. זי וועט דיך אויסוויקלען פון העמד. זי וועט דיך ארויסציען דעם קליאַק פון די ביינער. טאָמער — זאָגט זי — האָסטו אַן איבעריקן גילדן, לייג דאָס אָפּ אויף אַ רעגנדיקן טאָג... צירעלע וואַקסט, שוין באַלד אַ כלה־מיידל...

אָבער צוקומענדיק צום הויז האָבן זיך חאַצקלס געפילן געביטן, דערזעענדיק די קלעצער, וואָס האָבן פאַרנומען אַ שטיק דרויסן ארום זיין שטוב, און איבער אַלע קלעצער רייטן קינדער, ווי אויף לעבעדיקע פערד.

.4

ארום חאַצקלס הויז איז געוואָרן לעבעדיק. חיים בער, מיט צוויי יונגען, האָבן מיט שאַרפע, ברייטע העק געטעסעט די קלעצער. די שפּענער, גרויסע און גראָבע, האָט ביינע מיט די קינדער אויפגעלייגט אין ברונעמס און זיי געלאָזט טריקענען אויפן זון. אויף צוויי הויכע „סטוסאַקלעך" איז געלעגן אויסגעצויגן אַן ארומגעטעסעטער קלאָץ, אָנגעצייכנט מיט שוואַרצע, לאַנגע, גלייכע פּאַסן. צוויי זעגערס, איינער אין דער הויך און דער צווייטער אונטן, האָבן געצויגן גלייך און שווער די זעג אויף די אָנגעצייכנטע פּאַסן. די פּאלאָווינעס האָבן אויסגעקוקט ווי רויג פון פיש, זיי האָבן געשמעקט מיט פּעך האַלץ און דרויסן. אויך די זעגעכץ האָט ביינע אויפגעקערט אויף הורבעס; עס וועט זיין גוט אויסצושיטן אויף דער פּאָדלאָגע. פון ביידע ברעגעס קלאָץ זיינען די זייטלעך אַראָפּגעפאַלן אין דינע שטיקער. חאַצקל

האָט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיי. ער וועט מיט זיי ארומ־צאַמען דעם גאָרטן. עס וועט אים נאָך בלייבן אַפילו צו פאַרקויפן. נאָר חאַצקל וועט זיי ניט פאַרקויפן. ער וועט זיי ארויפלייגן אויפן בוידעם, זאָלן זיי זיך דאָרט וואַלגערן. — — —

די סאַמע מיטלסטע ברעטער, די דיליעס, וועלן גיין פאַר די פענצטער, פאַר די טירן. איצט זעט חאַצקל, אַז אַנטאַק, דער גוי, האָט געהאַנדלט מיט אים זייער ערלעך. די קלעצער זיינען פולע, גלייכע, אָן סוקעס. חאַצקל קריגט ארויס כמעט פון יעדן קלאָץ צוויי: „אָפּאָלקעס", אַ פּאָר דיליעס און צוויי ברעטער פאַר דער פּאדלאָגע. און שפּענער וועט ער אפשר האָבן אויף צען יאָר צום הייצן. און אַז עס וועט קומען אַ שכנטע נאָך אַ פּאָר שפּענער, וועט ער זיכער ניט זשאַלעווען. פאַרקערט, ער וועט איר זאָגן: „גייט אריין אין שטאַל און נעמט אייך". און ער איז זיכער, אַז קיין איבעריקע וועט זי ניט נעמען. מענטשן פאַרשטייען נישקשה, וויפיל מי און זאָרג עס קאָסט אונטערצובויען אַ הויז. אַלץ אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט בטחון.

מיט דעם גלויבן, וואָס חאַצקל האָט געהאַט אין זיך, האָט דאָס אים אויפגעהויבן פרי פון בעט און אים געהאַלטן צוגעשמידט צום ניי־מאַשין און צום טיש ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַגב, איז אים לעצטנס איינגעפאַלן אַ נייע אידייע צו מאַכן דעם דאַשעק אַ ביסל קירצער און פון דער זעלבער סחורה, וואָס ער מאַכט די היטלען. ערשטנס, קוקט דאָס אויס אײדעלער און שענער, צווייטנס וועט דאָס אים קאָסטן ביליקער. פאַר זיין נייעם איינפאַל וועט ער זיך שוין לאָזן זינגען טייערער...

אָבער מיט חיים בערן דעם טשעסלער האָט ער געהאַט אַ סך ערגערניש. די ערשטע ראָטע האָט ער ווי עס איז צונויפגעשאַרט פאַר חיים בערן. ס'איז אָבער געקומען צו דער צווייטער אָפּצאָלונג, איז כאָטש נעם און שריי געוואַלד! און דאָ איז דאָס הויז אַן אונטערגעהויבענע, אַן אונטערגעשפּאַרטע. און חיים בער האָט איינגאַנצן אָפּגעשטעלט די אַרבעט.

חאַצקל האָט געפּרואווט ריידן מיט חיים בערן אײדל און מיט גוטן, אָבער חיים בער ווי ער וואָלט געווען אַ טויבער. ער האָט אים אָנגעקוקט תּמ׳עוואַטע. דאָ איז שוין חאַצקל אַרויס פון די כּלים. „סטייטשט”, האָט ער געשריען און געקלאַפּט אין טיש, „ווי נעמט מען דאָס און מען קוילעט אַ מענטשן אָן אַ מעסער? די שטוב איז אָן אָפּענע, אַ פּוסטקע, מען וועט זי מיר צעטראָגן. מײנע קלײנע קינדער װעלן זיך פאַרקילן. און דאָס אַלץ וועט פאַלן אויף אייך”.

דאָ איז שוין חיים בער אויפגעשפּרונגען פון פּלאַץ:

„חאַצקל! איר דאַרפט נייען היטלען! ווי קומט איר אונטערבויען אַ הויז? מיינע אַרבעטער ווילן ניט וויסן וואָס איר זייט אַ שיינער מענטש און אַ בעל־בטוח. זיי זאָגן: „ריבאַ איז פיש און געלט אויפן טיש”. דאָס איינציקע וואָס איר האָט אַ רעכט ריידן צו מיר איז וועגן מיין אַרבעט”.

חאַצקלס פאַרדרוס האָט זיך פאַמעלעך געלאָשן, און ער האָט זיך אָפּגערופן:

„חיים בער! איך האָב זיך באַדיינקט, אַז איר זייט גערעכט. שטעלט זיך מאָרגן גאַנץ פרי אַרבעטן און איך וועל אייך שוין שאַפן געלט”.

אַרויסגייענדיק פון חיים בערן דעם טשעסלער, האָט זיך חאַצקל פאַרנומען צו לייבוש דעם גביר. נאָר צוקומענדיק צו לייבוש דעם גבירס הויז, איז אים אַריינגעפאַלן אַ שטרויכלונג אין די קני און ער האָט פאַר קיין פאַל ניט געקענט אַרויפגיין אויפן גאַניק. די וואַקלעניש איז אים געקומען, וואָס ער האָט זיך פּלוצים דערמאָנט: ווען זיין ברײנע איז געווען געפערלעך קראַנק, האָט אים לייבוש געליען געלט, אָבער חאַצקל האָט אים געמוזט געבן אַ חתימה אויף זיין גאָרטן. ער וועט בעסער צוגיין צו ברוך דעם שמיד; ער איז זיין ברײנעס אַ קרוב. ברוכ׳ן האָט ער געטראָפן אין קוזניע אַ פאַרסאַזשעטן, דורך דעם פאַר־

מוצקעטן פּנים האָבן ברוכ׳ס אויגן אויסגעקוקט טאָפּלט לעבעדיק און גוט.

ברוך האָט פאַרשטאַנען צוליב וואָס חאַצקל איז געקומען... און ווי די טבע פון אַרבעטער־מענטשן, גלייך אָן דריידלעך, כדי צו פאַרלייכטערן חאַצקלס געמיט האָט ברוך ארויפגעלייגט זיין שווערע האַנט אויף חאַצקלס אַקסל און זיך אָפּגערופן:

— גראָד היינט האָסטו געטראָפן. איך וועל דיר קענען אויסלייען עטלעכע רובל. און דו מעגסט שלאָפן רויק. איך וועל דיר ניט רייסן פאַר די פּאָלעס. איך האָב נאָך נעכטן געהערט אַז חיים בער קלייבט זיך אָפּשטעלן די אַרבעט. וואָס שייך חיים בערן, דאַרפסטו ניט פאַריבל האָבן אויף אים. אַ בעל מלאָכה, ער לעבט פון האַנט אין מויל...

חיים בער האָט פאַרשטאַנען צו וואָס חאַצקל רופט אים... דעריבער האָט ער גאַנץ פאַוואָלינקע אַריבערגעטראָטן דעם שוועל און ער האָט אָנגעהאַלטן די שטרענגע מינע אויפן פּנים, צו ווייזן חאַצקלען, אַז פאַר געלט ווערט חיים בער ניט נתפּעל. ער האָט דאָס כשר פאַרדינט. נאָר פונדעסטוועגן האָט די שטרייענגע מינע אויף חיים בערס פּנים גלייך זיך געביטן, ווען חאַצקל האָט אים דערלאַנגט די פולע סומע געלט, נאָך צען רובל פאָרויס אויף דער לעצטער ראַטע; און חאַצקל, איבערבלייבנדיק מיט גאַנצע פערציק רובל אין די הענט, האָט שוין געקראָגן פאַנטאַזיע.

„איר ווייסט. חיים בער, וואָס איך האָב זיך מישב געווען: איך וויל זיך לאָזן מאַכן נייע „פּאַדרובעס״. אויפן פונדאַמענט שטייט דאָך דאָס גאַנצע הויז. הכלל, חיים בער: איך גיב אייך איבער דעם פּאָדריאַדל אויך״.

.5

אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָט חאַצקל באַמערקט, ווי צוויי נייע מענטשן דרייען זיך ארום זיין הויז. זיי זייַנען אָנגעטאָן ווי מוליאַרעס. זיי מעסטן מיט שטריק נידעריק ביי די ווענט. דער־נאָך האָט חאַצקל געזען, ווי מען האָט געבראַכט אַ פור שטיינער.

דריי גרויסע שטיינער, אומגעלומפערטע אין זייער פאָרם. אים איז נאָר ניט געווען פאַרשטענדלעך, ווי אַזוי זיי וועלן דאָס אריינ־פאַסן גלייך יעדן שטיין! אָבער חאַצקל איז ניט פון די נאַראָנים, ער זאָל כאַפּן גלייך און פרעגן. ער וועט עלטער ווערן. און ער איז טאַקע עלטער געוואָרן און געזען.

חאַצקל האָט באַגריפן, אַז ער איז ניט דער איינציקער מייסטער. פאַרקערט, ער איז מקנא חיים בערן דעם טשעסלער. חיים בערס אַרבעט איז אַ געזונטע, אַ פריילעכע, שטענדיק אין דרויסן. ער האָט צוגעקוקט ווי אַלע געצייג ביי חיים בערן זיינען אָנגעשאַרפט און ווי ער האַלט זיי אין אָרדענונג. ווי ער אַרבעט דאָס דער אַלטער, מיט מתיקות, אריינגעטאָן מיט לייב און לעבן. און די שטיין־העקערס זיינען אויך ניט אַבי ווער. די שטיינער קרישלען זיך ביי זיי אין די הענט ווי צוקער, זיי שניידן זיי ארום פיר־קאַנטיק ווי גרויסע ציגל. חאַצקל אַרבעט שוין ניט אַ שיינע פּאָר וואָכן. אַזוי פאַרקאָכט איז ער אין דער פרעמדער אַרבעט. ער עסט ניט און שלאָפט ניט. ער איז איינגעהילט אין גרויסע פאַנטאַזיעס. דאָס אונטערבויען דאָס הויז איז ביי אים ווי אַ חלום אויפן וואָר. ער איז נאָך אַזוי קיינמאָל ניט געווען איבער־פילט מיט גליק, זעענדיק ווי דאָס הויז זיינע האָט זיך אויסגע־גלייכט, דער פונדאַמענט איז העכער, און די ווענט נייע, ביז די פענסטער. חיים בער האָט שוין כמעט גאָרניט וואָס צו טאָן ארום זיין הויז. ער שטעקט בלויז ארום די מאָך אין די שפּאַרונעס פון די ווענט. חאַצקל קוקט זייער טשיקאַווע אויף וועלוול דעם שינדל־דעקער. ער זיצט דאָרט ווי אַ קוקאַווקע אויפן דאַך. ס'איז ערשט אַ פּאָר טעג און וועלוול איז שוין באַלד פאַרטיק מיט אַ האַלבן דאַך.

דער ווינטער איז געקומען מיט בייזע קעלטן און ווילדע זאַווערוכעס. נאָר אין חאַצקלס שטוב איז געווען ליכטיק, וואַרעם און די פּאָליצעס פול מיט היטלען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

# דער מייסטער

אין אַ מיטן מיטוואָך האָט זיך לעבן צמח דעם סטאָליערס הויז ארומגעדרייט אַ פרעמדער איד. צמח האָט עטלעכע מאָל פאַרקוקט דורכן פענסטער, באטראכט דעם אידן פון אויבן ביז אַראָפּ. ער האָט געזען אַז דער איד איז אַ פרעמדער און אַן עלטערער מענטש. אויף זיינע קיילעכדיקע פלייצעס האָט זיך גע־האַלטן, אויף צוגעשפּיליעטע רימענדלעך, אַ הילצערנער קופערטל, אין די הענט האָט ער געהאַלטן אַ באַרנע־שטעקן; אַ שטעקן, וואָס איז אויסגעשאָטן מיט הילצערנע פרישטשעס. די בגדים אויפן אידן — לאַנגע, אַלטע, פאַרלאַטעטע.

די שטיוול גרוי פון שטויב. דאָס פּנים פול מיט איבער־געהאַקטע דינע קנייטשן. נאָר ברעמען האָט ער געהאַט שוואַרצע, געדיכטע, איבער קינדערשע בלויע אויגן. אין די אויגן האָט צמח דערזען אַ גוטן, קלוגן שמייכל... צמח האָט מיט אַמאָל דער־פילט אַ באַזונדערן דרך־ארץ פאַרן פרעמדן עלטערן אידן. ער האָט אַראָפּגעכאַפּט דאָס רעקל פון וואַנט, איז ארויס צום איד:

— שלום עליכם אַ איד! פון וואָס'ערע מקומות קומט מען?

דער פרעמדער איד האָט געגעבן צמחן שלום און בשעת מעשה אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַזאַ הייליקער פשוט'קייט: עפּעס נאָר ווי מען דערציילט אין די מעשיות וועגן אליהו הנביא...

—— וואָס שייך, פון וואַנען איך קום?... וואָס איז די נפקא מינה — פון אַ שטאָט צי פון אַ שטעטל?... אָט, אַ איד ווי אַלע אידן...

ער האָט צעעפנט די הענט: — איר זעט אָט די צען פינגער: איך קען מיט זיי אומעטום פאַרדינען מיין שטיקל ברויט. איז פאַרוואָס־זשע זאָל איך זיצן אויף איין אָרט?... זאָגט מיר בעסער,

פעטער, אַוואו קען איך זיך דינגען אַ פּאָר חדרים׳לעך. מיטן מקח וועל איך דורכקומען: אַ רענדל ארויף, אַ רענדל אַראָפּ. איר פאַרשטייט, פעטער לעבן, איינס אויף מיין מייסטערסקאַיע און דאָס צווייטע צימערל וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. נאָר דער עיקר, קיין קליינע קינדער זאָלן ניט זיין. איך האָב ליב שטיל־קייט ווען איך אַרבעט...

צמח, דער הויך געוויקסיקער באַלעבאָס פון שטוב, האָט זיך דערפילט מיט אַמאָל קליין קעגן דעם פרעמדן שפּאָרעוודיקן אידן. ער האָט זיך אַפילו צעטומלט אין די רייד:

— איר ווייסט וואָס, רב איד, קומט אריין צו מיר אין שטוב. איך האָב פאַר אייך אַ פּאָר חדרים צו פאַרדינגען. מיר זיינען שטילע מענטשן. איר קענט זיך נאָכפרעגן אויף אונז ביי די שכנים. קיין קליינע קינדער האָב איך ניט. זיי זיינען אַלע אויסגעוואקסענע, גאַנצע מענטשן. צוויי זין אַרבעטן מיט מיר צוזאַמען. איך האָב אַן אייגענע מאַסטערסקאַיע, איך בין אַ סטאָ־ליער!... — האָט צמח ניט נאָר מיט שטאָלץ געזאָגט, נאָר כמעט מיט געזאַנג.

ווען זיי זיינען אריין אין שטוב, האָט דער פרעמדער איד זייער רירעוודיק אָפּגעשפּיליעט די רימענדלעך פון זיין קופערטל. און צמח, זייענדיק ביי זיך אין דער היים, האָט זיך דערפילט שטאָלץ און ער האָט געקראָגן לשון: נעכע, נעכע! — האָט ער אריינגעשריען אין קאַמער, — ברייננ נאָר אַ שיסל וואַסער מיט אַ האַנטוך.

דער פרעמדער איד האָט זייער נייגעריק באַטראַכט די מייס־טערסקאַיע: אַ גרויסע שטוב מיט צוויי הילצערנע וואַרשטאַטן. צוויי יונגע בחורים אין האַלבע הויזן און אין ברייטע אָפענע העמ־דער שטייען אָנגעבויגן און ציען די הובלס איבער די איינגע־שרויפטע ברעטער. די סטרוזשקעס שפּאַרן זיך מיט אַ סיטשען פון די הובלס און זיי פאַלן אָנגעהויפטע אויפן דיל. נאָר גאָר אין

דער הויך אויפן וואַנט האָט דער איד דערזען היינגענדיק אַ טרומייט. אַ טרומייט! וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ מאַגן... נעבעך האָט צוגעטראָגן אויף אַ בייגקל דאָס שיסל וואַסער און האָט דאָס אַוועקגעשטעלט האַרט לעבן אידן. דער פרעמדער איד האָט מיט אַזאַ זשוואַוויקייט גענומען פליעסקען די הענט. ער האָט געוואַשן דאָס פּנים מיט פולע הויפנס וואַסער און האָט קונציק דערביי אויסגעמיטן זיין לאַנגע גרויע באָרד.

צמח האָט נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן ווי דער פרעמדער איד האָט געקוקט אויפן טראָמפּייט... און עס האָט אים איצט זיך זייער שטאַרק געוואָלט דערציילן דעם פרעמדן אידן, אַז אויפן טראָמפּייט שפילט ניט קיין אַנדערער, נאָר ער, צמח אַליין!... און אַז ער האָט אין זיין פאָלק זיך אויסגעצייכנט פאַרן בעסטן טראָמפּייטן־שפּילער. אפשר איז דאָס פאַר דעם, וואָס ער האָט זייער אַ לאַנגן אָטעם?... און איצטער, קוקנדיק אויפן פרעמדן אידן, וואָס פּליושקעט זיך אין שיסל וואַסער מיט אַזויפיל הנאה און היימיש־קייט, האָט זיך צמח פּלוצים ארויסגעכאַפּט מיט אַ הויכן קול: —
וואָס זאָגט איר עפּעס אויף מיין כלי? דאָס האָב איך געקראָגן אַ מתנה פון מיין קאָמאַנדיר.

דער פרעמדער איד האָט זיך גוט אויסגעטאַפּט דאָס פּנים מיטן האַנטוך. נאָכדעם האָט ער מיט אַ צעשיינטן און מיט אַ צעשמייכלטן פּנים זיך אָפּגערופן:

— נעמט נאָר אַראָפּ, זייט אַזוי גוט, דעם טראָמפּייט. מיר דוכט, אַז עטלעכע קנעפּ זיינען לייז אויף אים.

צמח האָט אָנגעקוקט דעם פרעמדן אידן מיט דערשטוינונג און וואונדער און ניט אַראָפּנעמענדיק אויף אַ רגע די אויגן פון פרעמדן אידן, האָט ער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו זיין עלטערן זון:
— יאָסע, יאָסע! נעם נאָר אַראָפּ דעם טראָמפּייט!

דער פרעמדער איד האָט ארויסגענומען פון דער אויבער־שטער קעשענע אַ שוואַרצע פלאַכע שיידל. ער האָט פאַרזיכטיק

ארויסגענומען די שפּאַקולן, און זיי אויפגעהויבן הויך אויפן נאָז. ער האָט פּאָר שיינע עטלעכע מינוט באַטראַכט דעם טראָמ־פּייט. ער האָט אים געדרייט אין די הענט, אריינגעקוקט אין האַלז, באַטאַפּט די קנעפּ. ער האָט אריינגעקוועטשט די קנעפּ ביז סאַמע אַראָפּ און ראַפּטאַם אָפּגעלאָזן די פינגער... דערנאָך האָט ער אריינגענומען דעם טראָמפּייט אין מויל און אַ בלאָז געטאָן... פון הייזעריקן שאַל... האָבן ביידע בחורים זיך ארומגעקוקט און נעבעך האָט זיך באוויזן אַן איבערגעשראָקענע אין טיר. דערנאָך האָט זיך דער פרעמדער איד לאַנג געפּאָרקעט אין זיין הילצערנעם קופערטל. ער האָט ארויסגענומען פון זיין קופערטל לאַנגע שטעכערס, פּיילכלעך, אָפּצווייגלעך, שטשיפּצעס. ער האָט איצט אויף קיינעם ניט געקוקט, דער פרעמדער איד. ער האָט געהאַלטן שטייף דעם טראָמפּייט צווישן זיינע פיס און אַלע ווײַלע האָט ער ארויפגעטאָן אַן אַנדער מין געצייג אויפן בלויען פייערל פון ספּירט־לעמפּל.

ער האָט געאַרבעט רירעוודיק־פלינק און מיט קוראַזש. דערנאָך אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן פאַרניטעווען די קנעפּ, האָט ער מיט אַ שמייכל איבערגעגעבן צו צמחן דעם טראָמפּייט.

ער האָט אויסגעטאָן די שפּאַקולן, ארויפגעלייגט אַ האלאַבליע אויף אַ האלאַבליע. ער האָט פּאָרזיכטיק אויפגעקליבן די געצייג און זיי מיט אַ סדר צעלייגט אין זיין קופערטל. און ווען ער האָט איבערגעדרייט צוויי מאָל דאָס בלאַט־שליסל, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו צמחן: — נו, שפּילט עפּעס! לאָמיר אדרבא הערן, ווי די כלי אַרבעט איצט.

צמח האָט אריינגענומען דאָס העלזל פון טרומייט אין מויל. ער האָט ארויסגעשטעלט אַ פוס פאָראויס. ביידע זין מיט די אָפּענע העמדער זיינען געבליבן שטיין, האַלטנדיק די הובלס אין די הענט און נעבעך האָט זיך באוויזן אין טיר. צמח האָט אָנגעקליבן אָטעם, ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן ארויסגערוקטן פוס און אַ שפּיל געטאָן. און דערפילנדיק, ווי דער טראָמפּייט איז

## דער מייסטער

מיט אַמאָל יונג געוואָרן און ער פֿאָלגט אים, האָט צמח זיך דערמאָנט אָן די יונגע יאָרן אין פֿאָלק, און ער האָט אַ שפּיל געטאָן אַ סאָלדאַטסקן מאַרש. אין מאַרש האָט מען געהערט ווי עס גאַלאָפּירן פֿערד, ווי עס קלינגען די כלי זין, ווי עס ווייען פֿאָנען... און אַרום די פֿענצטער פֿון צמחס הויז האָבן זיך קינדער אָנגעהאַנגען ווי פֿויגלען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

# רענדלער

ברײנע, די רויטע מויד, האָט װי אַ מאַנסביל געשלעפּט דעם יאָך. פֿאַרטאָג האָט זי שוין מיטן קאָראָמיסל מיט צװײ גרויסע עמער אָנגעטראָגן װאַסער פֿון טײַך. נאָכדעם האָט זי אויפֿגע־ראַמט פֿון דער האַנט אין די װינקלען, און האָט עטלעכע מאָל באַטראַכט דאָס שטיבל...

אַרויסגײענדיק, האָט זי פֿאַרשלאָסן די טיר, דעם שליסל אויף אַ פֿאָדים אויפֿגעהאַנגען אויפֿן האַלז...

זי איז געגאַנגען מיט אַ שטעקן אין האַנט, מאַלע װאָס עס מאַכט זיך: אַ הונט אַ שכור...

זי איז געגאַנגען האַרט, גיך און זיך ניט אָפּגעשטעלט רעדן מיט אַ פֿאַרבײַגײענדיקן, מיט אַ פֿאַרבײַפֿאָרנדיקן. חוץ אַמאָל אַ גוטער באַקאַנטער, פֿלעגט זי זיך באַגריסן און אַװעקגײן איר װעג.

אָנקומענדיק אין אַ דאָרף, פֿלעגט זי פֿאַרמילדערן איר גאַנג. און אַז מען האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ פֿענצטער, האָט זי זיך אָפּ־געשטעלט װאַרטן ביז װאַנען די שיקסע, צי די גויע פֿלעגט איר פֿאַרבעטן אין שטוב אַרײַן. אין שטוב האָט ברײנע מיט אײן קוק דורכגענישטערט אַלע װינקעלעך; טאָמער האָט זי געהאַט אַ חשד, האָט זי אַן עפּן געטאָן די טיר און איז אַרויס.

— װאָס פֿאַר אַ פּראָבעס האָסטו? — האָט איר אַ קריסטין פֿון אַ יאָר פֿערציק אַ פֿרעג געטאָן.

ברײנע האָט געשיקט צענומען דאָס טיכל אין װעלכן עס האָט זיך אַ װײַז געטאָן שטיקלעך קאַרטון, ציץ, באַרכע, בײקע, גע־בלומטע און מיט פּאַסיקלעך. די קריסטין האָט ניט געװואוסט, װאָס פֿאַר אַ פּראָבקע אויסצוקלײַבן. דערנאָך האָט איר ברײנע גענומען אַ מאָס, גענומען האַנט־געלט, און איר געזאָגט, אַז אין אַ װאָך אַרום װעט איר באַשטעלונג זײַן פֿאַרטיק.

אין שטוב האָט זיך בריינע פאַרנומען אין די אָוונטן מיט נייען. זי האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן די פאַרהאַנגען, און ביים גרויסן נאַפט־לאָמפּ, געשטאָכן מיט דער נאָדל אין דעם צייג. ביז די אויגן האָבן זיך געקלעפּט...

און געלעבט האָט בריינע אויסגערעכנט, געגעסן אָרימע שפּייזן: שוואַרץ ברויט, אַלט־געבאַקענעם, אַ גלאָז מילך אַ טאָג צו פאַרוויסן די ציקאָריע. צוקער פלעגט זי צעשטויסן אין קליינע שטיקעלעך און געהאַלטן אויף דעם שפּיץ צונג, צו פילן די זיס־קייט... אַמאָל אין אַ נאָוינע פלעגט זי קויפן אַ הערינג, אַמאָל אַ פישל אויף שבת, אַ טרוקענעם קעזל. ס'האָט איר ניט גע־שאָדט צום געזונט. פאַרקערט, זי האָט געפילט אין זיך כחות פון אַ ליאַדע מאַנזביל...

זי האָט געקליבן קאָפּיקע צו קאָפּיקע, רובל צו רובל, און דאָס געלט האָט זי ניט געגעבן אויף פּראָצענט. זי איז געווען פאַרזיכטיק אין אַלע וועגעלעך פון לעבן...

און אַז זי האָט אָנגעקליבן עטלעכע רובל, איז זי אַוועק צום „פּאַראַכאָד" און זיך אַריבערגעשיפט קיין גראָדנע. אין גראָדנע איז זי געווען באַקאַנט מיט אַ געוויסן קרעמער, וואו זי פלעגט איינקויפן גרויפּן, מעל, צוקער, טרוקענע קעזלעך. דאָרטן פלעגט זי שוין אויך אויסבייטן די עטלעכע רובל אויף רענדלעך.

אויף די גאָלד־שטיקלעך פלעגט זי גוט אַ קוק טאָן... זי האָט זיי געוואויגען אין די הענט... דערנאָך געמאַכט קניפּלעך אויף דעם טיכל און פאַרשטופּט אין בוזים...

געקומען אַהיים, האָט זי די פּעקלעך אריינגעשטעלט אין קופערט, וואָס איז געשטאַנען אין שפּייכלער לעבן קופערט האָט זי אַוועקגעשטעלט אַ פּאַסטקע מיט אַ שטיקל טרוקענע קעז אויפן האָטשיק. זי האָט מיט אַן אָנגעצונדענער לאָמטערן דורכגעקוקט אַלע ווינקעלעך... דערנאָך האָט זי אויפגעהויבן דעם קופערט מיט איין האַנט, און מיט דער צווייטער ארויסגענומען פון אונ־טערן קופערט דעם קופערנעם סאַגאַן. דער סאַגאַן מיט די גאָל־

דענע מטבעות האָבן ווי בורשטשינענע אויגן פון קעץ אויף איר אַ שיין געטאָן... זי האָט זיך דערשראָקן און ניט קיין קלאָרער געפיל האָט איר באהערשט: ווי יעדער רענדל וואָלט געווען אַ שטיקל לויערנדיקער גזלן אויף איר...

אַלעמאָל די נאַכט, וואָס זי פלעגט צולייגן אַ פּאָר גאָלד־שטיק אין סאַגאַן, האָט זי ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג... ווי נאָר זי פלעגט זיך אריינלייגן אין בעט, האָט זיך איר געדוכט, אַז עמיצער דראַפּעט זיך ביי די פענצטער און מען זעגט די טיר מיט אַ זייער דינעם זעגל...

עטלעכע טעג איז אַריבער און זי פלעגט כמעט אינגאנצן פאַרגעסן פון דער אומזיסטער שרעק, וואָס זי האָט געהאַט יענע נאַכט. אָבער טיף ערגעץ אין אירע בלוטן, אין האַרצן, אין מאַרך, זיינען געבליבן לעבן אומרואיקע פיצינקע ברואים׳לעך, וואָס האָבן איר געטומלט מיט שלעכטע חלומות דורך די נעכט...

איינמאָל, ווען זי איז געקומען אין דאָרף און געקראָגן עטלעכע באשטעלונגען ביי אירער אַ באקענטער קריסטין, האָט איר די קריסטין באמערקט, אַז זי איז אַראָפּ פון פּנים... האָט זיך ברײנע פאַרענטפערט:

ס׳איז גאָרנישט. זי איז לייכט פאַרקילט.

אָבער קומענדיק אַהיים האָט זי דעם אָוונט ניט גענומען די נאָדל אין האַנט. זי איז אַוועק צום קצב, זיך איינגעקויפט אַ האַלבן פונט לעבער. זי האָט געבעטן אַ צולאָג אַ פּאָר ביינער, פון וועלכע זי האָט געקאָכט זופּ. זי האָט געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט און הנאה. און ווען זי האָט זיך געלייגט שלאָפן האָט זי געטראכט, אַז פאַר זיך דאַרף מען ניט זשאַלעווען. זי וועט זיך נעמען אין די הענט... זי האָט אויך געטראכט, אַז זי וועט די טעג זיך אַריבערשיפן אין גראָדנע און זי וועט דאָרטן אריינגיין צו אַ שדכן... זי וועט זיך פאַרן שדכן פאַרטרויען, אַז זי האָט עטלעכע רובל, אַן אייגן שטיבל. זאָל ער איר נאָר רעדן אַ שידוך מיט אַ לייטישן, שטילן מאַן... דאָס אַליין, וואָס אַ מאַן וועט זיך

ארומדרייען אין הויז וועט ביי איר פֿארשווינדן די שרעק. זי איז געקומען צום געדאַנק, אַז די מורא וועט איר סוף כל סוף גוטס טאָן. זי האָט זיך ביז איצט ניט ארומגעזען גוט... דער לעבן איז געשוואומען איבער איר אָן אַ רעכענונג. זי האָט זיך ניט ארומגעזען ווי זי איז עלטער געוואָרן... אָבער ס'איז נאָך ניט צו שפּעט. זי קאָן נאָך אַלץ פֿאַרריכטן. עס וועט איר באשערט זיין צו קריגן אַ שטילן, ערלאכן מאַן, וועט איר זיין גוט...

זי האָט זיך אָנגעפּאַנגען סטרויען און פּוצן. זי האָט אויך אין די אָוונטן געלייענט ביכלעך, געסטאַרעט זיך צו ווערן וועלט־לעך... אָבער וואָס שאַרפֿער דער געדאַנק וועגן חתונה האָבן האָט איר פֿאַרנומען, אַלץ גייציקער איז זי געוואָרן נאָך מלבושים און געלט... גאַנצע אָוונטן האָט זי גענייט און געשטריקט. כל זמן מען איז אַ מיידל קאָן מען זיך אָנזאַמלען, אָנגרייטן. דערנאָך קומען קינדער, מען דאַרף זיי שוכן, קליידן. און מען קאָן זיי ניט קאָרמענען מיט אַבי וואָס... זיי דאַרפֿן האָבן אָן איידעלערן ביסן. און אַמאָל דאַרף מען רופֿן אַ דאָקטאָר. אַלץ קאָסט געלט. און אַז זיי וואַקסן צו, פֿאַנגט זיך אָן אַ סדרה פֿון לערערס... זי וועט זיי ניט לאָזן זיין פּראָסט ווי זי איז!... איידער זי שרייבט אָן אַ בריוו באגיסט זי זיך מיט אַ שוויס, און די האַנט דרייט איר פֿון דער פּעדער, ערגער ווי זי וואָלט געהאַקט סוקעוואַטע האָלץ.

זי האָט אָנגעהויבן שפּאָרן מער ווי פֿריער. זי איז שוין ניט געפֿאָרן אַזוי אָפֿט אין גראָדנע. די רייזע פֿלעגט איר קאָסטן אַ פֿאַרמעגן... דער „פֿאַראַכאָד" און די גרויסע שטאָט מיט אירע שילדן... — דאָ איז אַ צוקערניע! אַז מען ווערט דורשטיק קויפֿט מען זיך אַ קוואָס. דאָ, דערמאָנט זי זיך, אַז דאָס אַלטע שפּיגעלע איז צעבראָכן, און דער קעמל איז טעמפּ ווי אַ שפּאָן און פֿאַרשטאָפּט ווי אַ טויבער אויער. און וואו איז אַ שטיקל שמעקענדיקע זייף? ווי קאַרג זי איז, זיינען אירע ווייבערשע אינסטינקטן פֿאַרט שטאַרקער. ס'איז נאָך אַ גליק וואָס זי דאַרף ניט אָנקומען צו קיין דאָקטאָר. נאָר דאָס וואָס זי קאָן לעצטנס

ניט שלאָפן האָט איר אָפּגעשוואַכט. און פון שוואַכקייט כאַפּט איר אָן אַמאָל אַ שווינדל, אַז זי פאַרגעסט זיך ווער זי איז און וואו זי געפינט זיך. צום גליק, כאַפּט דאָס איר זייער זעלטן.

נאָר איינמאָל, ווען דער שווינדל האָט איר אָנגעכאַפּט, איז זי אַ פאַל געטאָן אויף דער בעט און איבער איר קאָפּ איז ווי עס וואָלט אַריבערגעגאַנגען אַ פראַכטצוג מיט הונדערטער רעדער...

ווען ס׳איז איר געוואָרן בעסער האָט זי אויסגעטרונקען עט־לעכע גלעזער וואַסער. דערנאָך האָט זי זיך איינגעוואַשן מיט שמעקענדיקע זייף, זיך פארקאַמט די רויטע, פייערדיקע האָר, איז זי אַוועק צום אַפּטייקער. אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען אין דעם לאַנגן צימער מיט פּאָליצעס, וואו עס זיינען געשטאַנען סלוי־טשיקלעך, פלעשעלעך מיט שרעקענדיקע געטראַנקען... און דער ריח פון רפואות האָט איר געביסן אין נאָז.

באַלד האָט זיך באַוויזן פון די פאָרהאַנגען דער אַפּטייקער: אַ מיטל־וואוקסיקער, אַ מיטל־יאָריקער אידישער מאַן אָן אַ היטל. ער איז צוגעגאַנגען צו איר און מיט די אויגן געפרעגט מער ווי מיטן מויל.

— קאָנט איר מיר עפּעס געבן צו אַ קאָפּ־שווינדל? — האָט זי זיך פאַרספּאָטיקעט אין די רייד.

— וואו שווינדלט אייך? — ער האָט זיך צוגערוקט נאָענט און האָט אריינגעזונקען זיין ווייך הענטל אין אירע רויטע האָר...

ער האָט איר דערלאַנגט אַ קליין פלעשעלע, אַ רויטס:

— נעמט פאַרן אָנבייסן צו פינף טראָפּנס און פאַרן שלאָפן.

זי איז ארויס פון אַפּטייק מיט האַסטיקע טריט, ווי אימיצער וואָלט איר נאָכגעיאָגט... ניין! ס׳איז געווען אַן אימפּעטיקייט פון אַ גרויסער פרייד... זי האָט זיך געוואונדערט אויף זיך אַליין, וואָס זי האָט זיך לעצטנס געענדערשט. זי האָט קיינמאָל אַ מאַנסביל ניט געלאָזן אויפן אויג...

זי האָט אויסגעבעט דאָס בעט פריער ווי אַלעמאָל. אונטער־געלייגט אַן עקסטרא קישן צוקאָפּנס, געזוכט אַ סגולה וואָס גיכער

איינצושלאָפֿן. זי האָט זיך אָבער ניט געקאָנט בארואיקן... דער סאַגאַן מיט די רענדלעך האָבן געוואונקען צו איר מיט זייער שיינענדיקייט. דאָס איז גאָלד! — האָט זי זיך געוואונדערט. עס זשאָווערט ניט, ווערט ניט פֿאַרעלטערט. און עס האָט אין זיך אַן איינגעהאַלטענע גבורה... זי איז אריין אין שפּייכלער, אָנגעשעפּט פון סאַגאַן אַ הויפן גאָלדענע מטבעות און איינציקווייז זיי געלאָזן פאַלן אין סאַגאַן ווי שווערע גאָלדענע טראָפּנס. זי האָט אָבער באַלד אויפגעהערט דאָס שפּיל, ווייל פון דעם שפּיל פלעגן זיך אָנצינדן ביי איר די באַקן אין אַ העלישן פייער... און איינמאָל, אַזוי זיך שפּילנדיק מיט די רענדלעך, איז איר איינס ארויסגעפאַלן פון די הענט און ווי אין דר׳ערד אריין. וואָס זי האָט ניט געזוכט, איבערגעקערט דעם שפּייכלער — ניטאָ און ניטאָ! איר עגמת־נפש איז געווען אַן אַ ברעג — וויפיל דאַרף זי דאָס פּראַצעווען מיט דער שפּיציקער נאָדל, וואָס ציט ביי איר ארויס דעם קליאַק פון די ביינער...

אָבער ווען עס וועט זיך אָנקלייבן אַ פולער סאַגאַן מיט רענדלעך, דעמאָלט וועט אַנדערש אַוועקגיין איר לעבן... זי וועט אַרבעטן געציילטע שטונדן אין טאָג, מען זאָל זיך ניט כאַפּן, אַז זי לעבט פון גרייטן... וואָס קאָן מען טאָן? אַזוי איז שוין גאָטס וועלטל, וואָס יעדע באשעפעניש גרייט זיך אָן אויפן מאָרגן.

די אַלע פריידיקע אילוזיעס האָט זי געהאַט בייטאָג. אָבער ווי נאָר די נאַכט איז צוגעטראָטן האָט זי קיין אָרט זיך ניט גע־פונען. צו קיין שכנים איז זי ניט געגאַנגען. און טאָמער איז זי עטלעכע מאָל געווען צוגאַסט ביי עטלען, האָט זי אויך חרטה געהאַט... מען האָט איר דוקא זייער פיין אויפגענומען, טראַק־טירט מיט טיי, קיכל, צוקערקעס. אָבער מיט די אַלע פּריס־מאַטשקעס, האָט זי געפילט, שטעכט מען איר אַדורך וואָס זי איז קאַרג. און פאַרוואָס מען מאַכט פון איר אַזאַ צימעס האָט זי גוט פאַרשטאַנען... אָ! מענשן זיינען קלוגע ברואים. זיי זיינען זיכער, אַז די ברײנע איז אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד!...

און טאַקע די זעלבע שכנה, וואָס האָט איר טראַקטירט מיט קיכל, האָט זיך ניט געפוילט און געקומען מיט איר אייגענעם כבוד בעטן אַ קליינעם גמילת־חסד׳ל...

— פון וואַנען האָב איך? — האָט איר בריינע אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. — מיינע גרויסע פאַרדינסטן?...

אָבער די שכנה האָט זיך פאַרענטפערט:

— האָט אייך, האָט אייך טעפּ מיט רענדלעך. ווער פאַר־גינט אייך ניט?... בריינע לעבן, ביי אייך איז דאָך אַזוי אויפּ־געראַמט. ס׳איז אַ וואונדער דען? אַז ביז שפּעט אין דער נאַכט ברענט דער לאָמפּ... וואָס טוט איר אַזוי שפּעט?...

און אַזוי האָט עטלעכע מאָל אריינגעשפּאַצירט פלוצים צו איר די שכנה און אַוועקגעלייגט אַ מענה־לשון... און אויסגע־נישטערט מיט די אויגן, מיט דער נאָז, אַלע ווינקעלעך פון שטוב.

— ווער דאַרף זיי, די שכנים?... בעסער אַז מען איז פונ־דערווייטנס, איז געזינטער און קליגער... זי וואָלט זיי דען גע־זשאַלעוועט אַ גמילת־חסד? זי האָט ניט אַזאַ פאַרדאָרבן האַרץ. אַז זי קאַרגט פאַר זיך, מיינט נאָך ניט, אַז זי איז שלעכט פאַר יענעם. נאָר גיי באָרג זיי געלט! ווייז זיי אַ פינגער, וועט מען איר פאַרברענען, באַרויבן...

אָבער די אַלע קלוגע און גוטע רעיונות האָבן איר פאָרט ניט געלאָזן שלאָפן...

עס ווייזט אויס, עס זיינען געקומען אַנדערע יאָרן... זי האָט געקאָנט ווידערשטיין שטורעמס, פרעסט, און מענטשן האָבן געהאַט פאַר איר אָפּשיי. און איצט דוכט זיך איר, אַז מען קוקט איר נאָך. און עס ליגט פאַר איר פאַרשפּרייט אומעטום נעצן...

זי איז אַראָפּ פון בעט און אין דער פינצטער גענומען שפּאַנען פון וואַנט צו וואַנט. זי האָט געהאַט מורא ארויסצוקוקן אין דרויסן. פלוצים האָט זי דערהערט אַ קלאַפּ אין שפּייכלער. זי איז געבליבן שטיין פאַרשטאַרבן. דערנאָך האָבן אַלע שרעקן און אומעטיקע געדאַנקען, וואָס האָבן איר לעצטנס אַזוי געפּייניקט,

זיך פּלוצים געגעבן אַ וואַנדל איבער אין אַ שטראָם פון אָפּפער־וויליקייט און העלדישקייט. און מיט גבורה און גרייטקייט אויף אַלץ איז זי אַריין מיט דער אָנגעצונדענער לאָמטערנע אין שפּייכלער.

— טפו! טפו! טפו! — האָט זי געשפּיגן. אַ מויז מיט אַ פאַרשטאַרטן עק, ווי פון אַ שוואַרצן רעטעך, איז געלעגן דער־שטיקט אין פּאַסטקע.

זי איז אַריין אין הויז אַ בארויקטע, פאַרלאָשן דאָס ליכט אין לאָמטערן, האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט און גלייך אָנ־געהויבן טראַכטן וועגן חתונה האָבן... עס האָט איר ניט געאַרט וואָס זי איז וואַך. פאַרקערט, טאָמער וואָלט איצט געקומען צו איר דער שלאָף, וואָלט זי אים פאַרטריבן, ווייל דאָס חתונה־האָבן דאַרף מען גוט ארומטראַכטן... ווען אַ צווייטער, ווילד־פרעמדער מענש דאַרף ווערן דיין פריינט, דיין לעבנס־באַגלייטער, דיין עצה־געבער... דעם ווינטער וועט זי זיך ניט רירן פון אָרט, ווייל ווינטער זיך צו זען מיט אַ חתן איז פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות... מען דאַרף האָבן אַ פוטער, בעסערע שיך, קאַלאָשן דערצו. און אין גראָדנע מוז מען פאָרן מיט דער באַן, וואָס קאָסט צוויי מאָל אַזויפיל ווי מיטן פאַראַכאָד... זי האָט פיינט די באַן! די צוויי שינעס, וואָס ליגן אויסגעצויגן אין דער ווייט, וואָס זיי ענדיקן זיך קיינמאָל ניט, אויף זיי קאָטשעט די באַן אירע רעדער. אמת טאַקע, מיטן פאַראַכאָד נעמט מיט אַ פּאָר שעה'ן לענגער, אָבער אַ דאגה האָט זי. פאַרקערט, זי וויל, אַז די רייזע אויפן פאַראַכאָד זאָל נעמען וואָס לייגנער... זי האָט ליב צו קוקן אויפן „ניעמאַן". ביי איר איז דער „ניעמאַן" דער גרעסטער, שענסטער טייך אויף דער וועלט, ווייל זי האָט ניט געזען קיין אַנדער טייך... היינט די ברעגעס פון „ניעמאַן", וועלדער אויף בערג. און זי ווייס ניט אויף וואָס פאַר אַ זייט צו קוקן...

אָבער מאָדנע, די גוטע געדאַנקען פליען אַוועקפאַלן ווי קראַנקע פעדערן ביי פייגל אין זייער פלי... די ווייסע געדאַנקען

האָבן זיך פּלוצים אָפּגעטונקען אין סמאָלע. ווער ווייס צי דער קלאַפּ איז געווען פון דער מויז? זי מוז זיך נאָכאַמאָל איבער־צייגן. עס ווילט זיך ניט ארויסגיין איצט פון בעט. זי איז איינ־געוואָרעמט און פארשלאָפן. עס וועט איר אָבער ניט העלפן. זי וועט מוזן אַראָפּגיין אין שפּייכלער, ווייל זי פילט, עס קומט איר אָן דער שווינדל אין קאָפּ, וואָס וועט איר טרייבן צו משוגעת...

זי האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט פון בעט, אָנגעצונדן די לאָמ־טערנע, איז זי אריין אין שפּייכלער. צום ערשטן האָט זי גע־פּרואווט אויפהויבן דעם קאַסטן מיט איין האַנט. דער קאַסטן האָט זיך ניט גערירט — ווי זי האָט דאָס לעצטנס פאַרלוירן די כחות. זי האָט אַוועקגעשטעלט די לאָמטערנע אויף דער ערד און מיטביידע הענט אָ הויב געטאָן דעם קאָסטן. אָבער ארונ־טערקוקן צו די רענדלעך האָט זי ניט געקאָנט. זי איז געפאַלן אויף אַ המצאה: זי איז אריין אין פירהויז, אויסגעקליבן אַ שווערע פּאָלינע האָלץ, און ווען זי האָט אַ הויב געטאָן מיט ביידע הענט דעם קופערט האָט זי מיט דער פוס ארונטערגעשארט דאָס שטיק האָלץ... זי איז געבליבן צופרידן מיט איר איינפאַל. און ווען זי האָט זיך אָפּגעסאַפּעט האָט זי זיך אויסגעצויגן אין איר גאַנצער לייננ. זי האָט אונטערגערוקט ווייט די האַנט אונטערן קאָסטן און האָט מיט ציטערדיקע פינגער אָנגעטאַפּט די רענדלעך...

מיטאַמאָל איז איר ניט גוט געוואָרן. זי האָט זיך געוואָלט אויפהויבן, זיך צושאַרן צו דער בעט, אָבער דער שווינדל אין קאָפּ איז אָנגעקומען מיט אַזאַ רוישעניש, ווי אַ געוויסער האָט פאַרפּלייצט איר קאָפּ. איר גאַנצע לייב האָט געצוקט...

זי האָט געזען ווי דער אַפּטייקער איז אריין דורכן קוימען און מיט זיינע שוואַרצע הענט רייסט ער איר אַוועק פון די רענד־לעך, און זי קאָן אַפילו ניט שרייען. — — — — — —

## ערד פון דער היים

— אַזוי, שוין דיין טאַטע אויך געשטאָרבן? ווער־זשע איז פאַרבליבן?

— באַלד ווען איר זען מיט אייערע אייגענע אויגן — האָט מאָטל דער בעל־עגלה געענטפערט כמורנע, און ער האָט אַ שמיץ געטאָן דאָס פערדל.

— ווי ווייט איז נאָך צו זאַבלודעווע? — האָט זיך דוד ניט געקאָנט איינהאַלטן אַ פרעג געטאָן מאָטלען.

— זיבער נענטער ווי צו אייער אַמעריקע דאָרט!... — און דעם פערדל ווידער געשענקט אַן איבעריקן שמיצל...

דאָס פערדל האָט פון די האַלאַבליעס אַ קאָסן קוק געטאָן אויף דעם אַמעריקאַנער דוד'ן, וועלכער איז געזעסן ברייטלעך אין וואָגן איינגעהילט אין גרינגן וואונדער... ער האָט דערקענט די דערפלעך, וואָס זיינען געלעגן ביי דער זייט פון וועג, זיך אַפילו דערמאָנט זייערע נעמען... און אָט איז דאָס פורל אריינגעפאָרן אין באָרער וואַלד, וואו אַלס אינגל האָט ער געקליבן יאַגדעס, שוואוימען, האַדישע ניסלעך. דער זעלבער וואַלד: כמורנע, טונקל און טויב. איצט וואָלט ער געהאַט מורא אריינצושטעלן אַ פוס דאָרט... גע'פטר'ט די יונגע יאָרן אין דעם וויטן אַמעריקע...

דער וועג דורכן וואַלד טונקל און פאַרהוילן. די בוימער פון ביידע זייטן ברומען, דערציילן לעגענדעס פון וואַלד־גזלנים, פון פאַרצוקנדיקע חיות. שטיל זיינען די טריט פון דעם פערד. דער פערד יאָגט דורך דעם וואַלד־וועג מיט אָנגעשפיצטע אויערן, שרעק און פייער אין זיינע אויגן. דער וועג איז שמאָל און פאַר־שאָטן מיט בלעטער, מיט גרינע נאָדלען, מיט שישקעס. מוראַש־קעס לויפן הין און צוריק. דער וואַלד ווערט שיטערער, די זון

שפּרייט קווייטן אויפן וועג. דער פערד ניסט און שטילט זיין גאַנג. און מאָטל וואַרושעט זיך אויפן וואָגן. נאָכן וואַלד איז שוין באַלד „זאַבלודעווע".

דוד קוקט אויף אַלץ מיט שטאַרק אָפענע אויגן. ס'איז אים אומעטיק פאַר גליק. קינדערשע פרייד ווייט אויף אים... נאָר ווען דוד האָט דערזען פון ווייטן דעם בית־החיים האָט ער אַ טאָרע געטאָן מאָטלען פאַר דעם אַקסל ער זאָל זיך אָפּשטעלן. ער וועט אים באַצאָלן עקסטרא...

אין אַ ווײַלע ארום האָט מאָטל פאַרקירעוועט דאָס פערדל צום שטיינערנעם פאַרקאַן פון בית־עולם. דוד איז אַראָפּגע־שפּרונגען פון וואָגן, איז מיט אַ געבויגענעם קאָפּ אריין אין אײַזערנעם טויער. ער איז געגאַנגען דורך שורות מצבות, וואָס זײַנען געשטאַנען מיט זייערע פאַרקריצטע געשריפטן פון מענטשן, וואָס זײַנען ווי ער, דוד, געגאַנגען, געפאָרן, געטומלט... איצט איז בלויז זייערע געדעכענישן אויסגעבערענט אויף שווערע שטיי־נער, וואָס שטייען נאָענט איינע לעבן די אַנדערע אין ציילן, ווי פאַרשטיינערטע סאָלדאַטן.

דוד'ן איז אַנטקעגנגעקומען בערטשיק דער בית־הקברות מאַן, אַ נידעריק אידל, אַ פאַרוואַקסענער, מיט אויסגעפּאַטשקעטע שטיוול פון ליים און בלאָטע. אין זײַנע צעשפּאָלטענע ליפּן האָט זיך געררויכערט אַן אַלטע שוואַרצע ליולקע מיט אַ ציבוק, פון וואַנען ס'איז אַראָפּגעהאַנגען אַן איינגעבויגענער דראָט ווי אַ האָטשיק.

בערטשיק האָט אָנגעקוקט דוד'ן פאַר אַ ווײַלע כמורנע, פרעמד און מיט רוגזה, ווי איינער זאָגט: וואָס טוסטו אין מיין שטילער מדינה?... אָבער בערטשיק האָט אים באַלד דערקענט... ער האָט ארויסגענומען די ליולקע פון מויל, זיך אָפּגעווישט מיטן אָרבל די צעשפּאָלטענע ליפּן, וואָס האָבן געוויזן נאַקעטע גרויסע, געלע ציין.

— מיט וואָס קאָן איך אייך באַהילפיק זיין, רב דוד?

דוד האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ חלום... ער האָט גע־קוקט גוטמוטיק אויף בערטשיקן, וואָס לעבט, דוכט זיך, אַלעמען איבער... אויך אויף בערטשיקן האָט אַ יאָג געטאָן די עלטער, כמורנער געוואָרן, שווערער, די הענט שאָרסקער, די אויגן איינ־געגראָבענער און דאָס פּנים קלענער און כיטרער...

— קאָנט איר מיר ווייזן וואו מיין מאַמעס הייליקע ביינער רוען?

— אייער מאַמע! — האָט בערטשיק געצויגן דאָס קול און געקנייטשט זיין שטערן, כדי צו ווייזן דוד'ן ווי שווער עס איז צו געפינען... — אייער מוטער, דוכט מיר, האָט געהייסן חנה בת יעקב — און ער האָט אַוועקגעבראָדזיעט מיט זיינע פאַרבלאָ־טיקטע, פאַרליימטע שטיוול צווישן די קברים און מצבות.

ווי דורך אויסגעשטאָרבענע געסלעך האָבן זיך געהערט די טריט פון בערטשיקן מיט דודן. ווען בערטשיק האָט זיך אָפּגע־שטעלט לעבן אַ הויכן שטיין אַן אָפּגעבליאַקירטן, האָט זיך בער־טשיק אָפּגערופן:

— איך קאָן ניט לייענען, אָבער פאַרלאָזט זיך אויף מיין זכרון... דאָ רוט אייער מוטער.

ער איז געווען צופרידן מיט זיך, וואָס ער האָט אַזוי איידל ארויסגערעדט דאָס וואָרט מוטער...

דוד האָט ארויסגענומען פון אַ שיידל שפּאָקולן, זיי אָנגעטאָן פאַמעלעך אויפן נאָז. ער האָט געלייענט דאָס געשריפט פון דער מצבה ווי אַ הייליקע געשריפט פון אַ מגילה. די אויגן זיינען אים פול געוואָרן מיט טרערן, זיין קול איז אים געבליבן שטעקן אין האַלז. ער איז געשטאַנען גלייך, אויסגעשטרעקט, פאַרלייגט די הענט, אַלס קליינער אינגל, ווען מען האָט זיין מאַמען דאָ אין גרוב אַראָפּגעלאָזן. מיטאַמאָל האָט זיך דוד אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום שטיין. ער האָט אָנגעשעפּט אין קעשענע אַ הויפן זילבער־געלט און דערלאַנגט בערטשיקן. בערטשיק האָט די מטבעות פאַרקוועטשט אין זיין שאָרסקער האַנט און מיט

איינגעהאַלטענער פרייד איבערגערוקט די ליולקע אין זיין מויל...

דורכן שטעטל האָט מאָטל געשמיסן דאָס פערדל. ער האָט ניט געוואָלט, אַז דער אַמעריקאַנער פּאַסאַזשיר זאָל האָבן צייט זיך ארומצוקוקן. ער וויל ניט פאַרברייען די צייט, כאָטש ער ווייסט, אַז דער אַמעריקאַנער העכט וועט אים ניט קריוודען...

און ווען מאָטל איז צוגעפאָרן צו זיידקע דעם פאַרבערס הויז, איז ווי פון אַ פּאַסטקע וואָלט מען ארויסגעלאָזן מייז, אַזוי האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פון דער אָפענער טיר קליינוואַרג. און זיידקע מיט איינגעפאַרבטע הענט איבער די עלנבויגנס האָט זיך באוויזן אין טיר.

— סאַראַ גאַסט! סאַראַ גאַסט! באַשע, זאָלסט מיר לעבן, קום ארויס, זע נאָר ווער ס'איז דאָ! דוד! דוד! פון אַמעריקע.

— דוד מיט זיידקען האָבן זיך צעקושט.

איין קוש האָט אויפגעגאָסן זייערע מאַנסבילשע האַרטע, פאַר־וואַקסענע פנים'ער. זיי האָבן זיך שטייף געדריקט די הענט. דאָס בלוט אין זייערע הענט האָט דורכגערונען וואַרעם, האַסטיק, עס האָט פול אויסגעדריקט דאָס גרויסע באַגעגעניש זייערע נאָך אַזוי פיל יאָרן זיך ניט זען. — עלטער געוואָרן, זיידקע... אַפילו באַשע, וואָס איז אַ סך אינגער פאַר זיידקען, אָט די לאַכנדיקע און מוטיקע באַשע, וואָס מען האָט איר גערופן „דער קאָזאַק", האָט זיך אויך אַראָפּגערוקט אין די קרוב צוואַנציק יאָר, זינט דוד איז פון דאַנען אַוועק. די קינדער טראָגן זייער יוגנט... זיי זיינען פול ארום אַלע ברעגן פון דעם הויז. זיי קוקן נייגעריק אויף דוד'ן, זיי יאָגן זיך ארום ווי מאָטילן.

דוד קוקט אויף דעם הויז, וואָס ער האָט פאַרקויפט זיידקען, איידער ער איז אַוועקגעפאָרן אין אַמעריקע. שווער צו דערקענען: אָפּגעשאַלעוועט, אויסגעגלייכט, אָפּגעפאַרבט און ארומגעבויט מיט גאַניקעס. די מענטשן זיינען עלטער געוואָרן און דאָס הויז אינ־גער, ווי מאָדנע...

אין הויז האָט דוד געפונען עטלעכע שטיקער מעבל, וואָס

האָט אים זייער דערפרייט: דעם גרינעם קופערט, אַן ארומגע־שלאָגענעם מיט פאַרזשאַווערטע רייפן. ס'האָט זיך געשיילט פון קופערט די פאַרב ווי לוסקע. דער קאַמאָד אַן די גלעזערנע גאַל־קעס אין די טישקעסטלעך. עס סטאַרטשען ארויס אויף דעם פלאַץ פון די גאַלקעס שוואַרצע טשוועקלעך. און אַ פוס פעלט דעם קאַמאָד. עס ליגן קלעצלעך איינע אויף די אַנדערע, אַז מען רירט אָן דעם קאַמאָד, קרעכצט ער און וויגט זיך...

— דו קוקסט אויפן קאַמאָד, דוד? — האָט זיך זיידקע אָפּ־גערופן. איך קלויב זיך אים אַ ליאַדע טאָג ארויסוואַרפן.

— הערסט, זיידקע! ווען דו קאָנסט זיך אַריבערכאַפּן צו מיר קיין אַמעריקע, אין מיין היים, וואָלסטו געמיינט, אַז אַ גראַף וואוינט דאָרט, ניט אַנדערש; גרויסע שפּיגלען, געפּאַרבטע דילן, עלעקטרישע לאָמפּן, אַ באָד מאַכט מען זיך אין הויז. פונדעסט־וועגן ווען איך קאָן אַריבערפירן דעם אַלטן צעבראָכענעם קאַמאָד וואָלט דאָס מיר פאַרשאַפט אַ סך גליק.

שפּעטער איז זיידקע אין זיינע שבת'דיקע בגדים ארומגע־גאַנגען מיט דוד'ן איבער די זאַבלודאָווער געסלעך. זיי זיינען געגאַנגען, ביידע חברים, אַזוי פאַרטאָן, אַז זיי האָבן ניט געפילט, ווי דער זומערדיקער רעגן האָט אויף זיי גענידערט.

אין הויז זיינען זיי געקומען אויסגעווייקטע, מיט שיינענדיקע פּנים'ער. באַשע איז זיי אַנטקעגנגעקומען אַ לאַכנדיקע:

— נו, איצט פאַרשפּאָרט איר זיך וואַשן צום עסן... — מאַנז־בילן! מאַנזבילן! זיך פאַררעדט ווי די ווייבער. — אַמער אַז איר וואָלט די זעלבע סודות דאָ אין שטוב גערעדט? איך וואָלט סיי ווי זיך צוגעהערט מיט איין אויער... דוד איז געשטאַנען איבערראַשט פאַר באַשעס אויסשפּראַך, וויפיל היימישקייט עס ליגט אין יעדן וואָרט אירן. דער טעם פון אירע ווערטער, ווי געפילטע צוקערקעס. ס'איז נאָר אַ שאָד וואָס מאָרגן גאַנץ פרי פאַרלאָזט ער זיין אַמאָליקע היים. איצט שווין אויף שטענדיק...

— וואָס טראַכט איר, דוד? דער שטשאַוו קאָן נאָך קאַלט

ווערן... עסט מיט די קאַרטאָפּל, זיי זיינען מעליק, צעשיטן זיך אין מויל. רירט אָן די סמעטענע, עס בייסט זיך ניט... די סמעטענע איז נאָר וואָס אַראָפּגעכאַפּט פון די לאַדעשקעס. שאַ! און די בלינצעס וואָס פאַרשעמט איר? מיר האָט זיך קיינמאָל אַזוי ניט איינגעגעבן... ס'איז אויפן מזל פון אַזאַ גרויסן גאַסט.

— עס פאַרדריסט מיך, וואָס איר פאָרט מאָרגן אַוועק. אייער אַמעריקע וועט אייך אַנטלויפן? וואָס איז די איילעניש?...

דוד האָט געקוקט ליב אויף באַשען. ער האָט געזשאַלעוועט רעדן. זיך אויך געשעמט פאַר זיין שטומפּיקן אידישן לשון...

ער האָט געוואָלט הערן און הערן ווי זי רעדט...

— מיין רייזע איז אויסגערעכנט אויף די מינוטן. איך וויל נאָך באַזוכן אַ סך שטעט, זיך זען מיט אַמאָליקע מיינע פריינט. ס'איז מיר שוין יאָ באַשערט געווען זיך ארויסצערייסן פון דער אַמעריטשקע...

געשלאָפן איז דוד אויף דריי הויכע קישנס. ניין! ער איז ניט געשלאָפן, נאָר געזעסן אין בעט האַרט ביים פענצטער. דער שטי־לער זומערדיקער רעגן האָט גערעדט איבערן דאַך, געוואַשן די שויבן מיט דינע קלאַנגען.

דוד האָט איבערגעטראַכט, וואָס עס האָט זיך מיט אים גע־טראָפן אין דעם הויז... זיינע קינדערשע בחור'שע יאָרן האָבן איצט אַזוי פריש זיך אויפגעוועקט. ער האָט קיינמאָל אַזוי וואַך ניט געפילט. די יוגנט גלאַנצט פאַר אים...

ס'איז שטיל אין דרויסן. אַ חוץ דער דראַבנער, וואַרעמער רעגן און דאָס לייכטע ווינטל, וואָס יאָגט אריין דורך דעם אָפענעם פענצטער דעם ריח פון זומערדיקער ערד. די ערד, אויף וועל־כער ער האָט געטראָטן מיט זיינע באָרוויסע פיס! די ערד, אויף וועלכער ער איז ארומגעלאָפן אַ ווילדער, אַ פרייער! די ערד, אויף וועלכער ער האָט מיט זיינע אייגענע הענט געבויט דאָס הויז, ווי אַ פויגל זיין נעסט! די ערד פון זיין היים...

ער האָט זיך אויפגעהויבן פאַוואָליע פון בעט, האָט געעפנט

איינעם פון זייגע טשעמאָדאַנען און אָנטאָפּנדיק דעם נייעם שוואַרצן סורדוט, האָט ער אים ארויסגעצויגן... דער סורדוט האָט ווי שוואַרצער געמאַכט די נאַכט... דערנאָך איז ער ארויס אין פיר־הויז, געבליבן שטיין און זיך איינגעהערט צי קיינער וועקט זיך ניט. קיינער האָט זיך ניט געוועקט. דער שלאָף האָט געשפּילט טיף זיין כשוף אין דעם הויז... דוד האָט אָן עפן געטאָן די טיר און זיך ארויסגערוקט אין דרויסן. ער האָט זיך איינגעבויגן און אָנגעטאָפּט מיט די שפּיצן פינגער די נאַסע ערד. ער האָט געהאַט אַ געפיל צו פאַרזוכן דעם טעם פון דער ערד... דערנאָך האָט ער דעם סורדוט אויסגעצויגן איבער דער ווייכער ערד און אים איינ־געקנאָטן מיט די פינגער. אַז ער האָט דעם סורדוט אויפגעהויבן מיטביידע הענט, האָט ער אים געטראָגן צוריק אין הויז ווי אַ גע'חלש'טן מענטשן. ער איז געווען איצט גליקלעך: וואָס ער פירט די ערד פון זיין אַלטער היים אויף זיין שענסטן בגד...

און אין די פּאָר שעה איידער דער טאָג האָט אויסגעבראָכן, איז דוד אָנגעטרונקען געווען מיט אַ שטאַרקן יונגן שלאָף...

## דער וועכטער

דאָס שטעטל איז געשלאָפן שטיל און פאַרזונקען. בלויז באַנציע דער וואַרטעניק איז ארומגעגאַנגען אין די גאַסן. באַנציע האָט געקלאַפּט מיטן שטעקן איבער די שטיינער, גנבים זאָלן זיך דערשרעקן... ער האָט געקלאַפּט מיטן שטעקן, זיך צו מאַכן פריילעכער. ער האָט געסוויסטשעט דין און פאַרגייענדיק. און ווי קורץ די זומער־נאַכט איז ניט געווען, האָבן זיך די מינוטן געצויגן פאַרן נאַכט־היטער, פּוסטע, לאַנגע און אומעטיקע.

באַנציע איז איינער אַליין, ווי אין פעלד. ניין! אין פעלד איז פריילעכער, ווי אין אַ שלאָפנדיקן שטעטל...

אָט דוכט זיך באַנציען אַ טיר סקריפּעט... אַ הונט לויפט פאַרביי, שמעקנדיק מיט דער נאָז די ערד. אימיצער שרייט און עס ווערט באַלד שטיל. נאָך אַ שטאַרקן געשריי ווערט די שטיל־קייט טאָפּלט, אַ שטילקייט וואָס פּרעסט ווי אַ שטיין...

באַנציען דוכט זיך, אַז היינטיקע נאַכט איז אַנדערש ווי אַלעמאָל. ער האָט קיינמאָל ניט געטראַכט אַזעלכע בייזע גע־דאַנקען, ווי איצט. אים איז אָבער באַלד איינגעפאַלן, אַז ער וועט צוגיין לעבן לייבוש דעם מילנערס הויז. זיין טאָכטער האָט היינט חתונה געהאַט. דאָרט מוז זיין ליכטיק און פריילעך... ער האָט דאָך אַזוי געטריי געאַרבעט פאַר לייבוש דעם מילנער. און דאָרט איז ער דאָס אַראָפּגעפאַלן צווישן די מילשטיינער.

באַנציע האָט זיך געטאַפּט דעם קאָפּ. ער האָט דערפילט דעם זעלביקן טומל אין קאָפּ, ווי בעת ער איז אַראָפּגעפאַלן צווישן די מילשטיינער. —

יע, לייבוש דעם מילנערס טאָכטער האָט היינט חתונה גע־האַט!... מירל מיט די שוואַרצע אויגן ווי קוילן.

ניט איינמאָל, ווען באַנציע האָט געשלעפּט די זיבן פּודיקע

זעק מעל אויף זיינע ברייטע פּלייצעס, האָט זי, מירל, געקוקט אויף אים דעמאָלט מיט לאַכענדיקע אויגן... און איינמאָל, ווען קיינער איז ניט געווען אין מיל, האָט זיך מירל באוויזן, זי איז צוגעקומען נאָענט צו אים. ער האָט געפילט איר הייסן אָטעם. איר אָפּגע־וואַשענער רונדער פּנים האָט געשיינט. זי האָט אים געגלעט איבער די הענט און זי האָט געזאָגט : אַז זי האָט ליב אַזעלכע הענט, זיי זיינען שטאַרקע... און ער, באַנציע, איז געזעסן אַ שטומער, אַן אָנגעצונדענער ווי אַ ליכט, מיט אַ טרוקענעם גומען. ער געדיינקט : ער איז אַ פּאַל געטאָן צו אירע פיס און זיי שטייף ארומגענומען... און זי האָט געהאַלטן זיין קאָפּ צו איר האַרצן. זי האָט געפירט אירע פינגער איבער זיינע האָר פון קאָפּ.

אויף מאָרגן איז ער דאָס אַראָפּגעפאַלן צווישן די מילשטיי־נער... אָפּגעפוילט איבער אַ יאָר אין שפּיטאָלן. ארויס פון שפּיטאָל איז ניט דער אַמאָליקער באַנציע, טאַקע די זעלביקע ברייטע פּלייצעס, נאָר זיי קענען ניט שלעפּן אויף זיך קיין לאַסט. די זעלביקע בלויע אויגן, נאָר זיי זיינען ווי אויסגעלאָשן געוואָרן, עס ברענט ניט אין זיי קיין לוסט. דיזעלבע ברייטע אָדערדיקע הענט, זיי האָבן אָבער ניט די מאַכט ווי אַמאָל. די פלינקייט און די פילפאַרביקייט, זיי הייגען שלאַבערדיק, ווי צוגעטשעפּעטע...

באַנציע האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן לייבוש דעם מילנערס הויז. אַלע פענצטער אין דעם הויז זיינען געווען אויסגעלאָשן און פאַרמאַכט אויף לאָדנס מיט אייזערנע שטאַנגען. ער איז ארומגעגאַנגען ארום הויז עטלעכע מאָל. דערנאָך איז ער ארויף אויפן גאַניק און געפּרואווט מיט די הענט, צי די טיר איז אָפן — ער איז דאָך אויף דערויף אַ וועכטער !...

אָ, ווען די טיר וואָלט זיך פאַר אים ווי פון אַ נס געעפנט, דוכט זיך באַנציען, אַז ער וואָלט געוואָרן דער זעלביקער מענטש, ווי דעמאָלט, ווען ער האָט געאַרבעט אין מיל. ער וואָלט אריין אויף די שפּיץ־פינגער אין מירלס שלאָפצימער. ער וואָלט לאַנג געקוקט אויף איר רונדן, שלאָפענדיקן פּנים. דערנאָך וואָלט ער

זי מיט אַזאַ גבורה אַ הויב געטאָן אויף זיינע הענט, אַז איר וואָלט פאַרפעלט אָטעם צו שרייען. ער וואָלט איר דורך די קאָרן־פעלדער געטראָגן, דורך וועלדער, קיין חיה רעה וואָלט זיך אים ניט געקאָנט שטעלן אַנטקעגן. —

באַנציע האָט פאַר'עקשנ'ט געריסן די טיר. די הענט זיינע זיינען אים געבליבן אָן מאַכט. ער איז פאַרזיכטיק צוגעגאַנגען צו איינעם פון די פענצטער, צוגעלייגט אַן אויער צום לאָדן און ניט ציענדיק דעם אָטעם געוואָלט הערן אַ קלאַנג, אַ וואָרט, אַ לעבעדיקן שאָרך... נאָר דער טיפער שלאָף און דער לאָדן מיט די שווערע, אייזערנע פּרענטעס האָבן געהאַלטן באַהאַלטן אַלע סודות... באַנציע איז געגאַנגען פון פענצטער צו פענצטער, ער האָט געפּרואווט די לאָדנס, אפשר האָט מען פאַרגעסן איינעם פאַרמאַכן. ער וואָלט איצט גליקלעך געווען, ווען ער געפינט אַן עפענונג צו דער שטוב וואו מירל שלאָפט.

פּלוצים האָט באַנציע דערזען אַ קליין אָפן פענצטערל פון קעלער. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און ער האָט אריינגערוקט טדעם קאָפּ אין דעם אָפענעם פענצטערל. פינסטער־ניש און אַ טוכלער ריח האָט אים ארומגענומען. — — — און ער איז געבליבן שטעקן ווי אַ פיש אין אַ נעץ. ער האָט ארויס־גענומען דעם קאָפּ און האָט לאַנג און שווער געאָטעמט. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די בורקע, ער האָט זיך צוריק אויסגעצויגן אויף דער ערד און אריינגעשטופּט די פיס אין פענצטערל פון קעלער, אָבער זיינע ברייטע פּלייצעס האָבן אים פאַרהאַלטן. ער איז געלעגן מיט אַ האַלבן קערפּער אין דרויסן, אַנגסטן טראָפּנס שווייס ווי באָב האָבן זיין שטערן באַדעקט. ער איז ארויסגעקראָכן פון קעלער־פענצטערל און גע־נומען קוקן אויפן דאַך, וואו דער רויטער קוימען האָט ארויסגע־שטאַרצט, מיט זיין ברייטער שוואַרצער עפענונג.

ער האָט געזוכט אַ מיטל, ווי אַזוי ארויפצוקריכן אויפן דאַך. ער האָט זיך געטשעפּעט אויף די גלייכע ווענט...

באַנציע איז צוריקגעגאַנגען אין די גאַסן. זיין לעבן איז מיט אַמאָל ביי אים געוואָרן קליין ווי אַ פינגטל. ער וויל מער ניט היטן, נאַכט איין, נאַכט אויס, פרעמדע האָב און גוטס. ער איז אַ וואָגלער אין זיין אייגענעם שטעטל, וואו ער איז געבאָרן געוואָרן. ער קען שוין גאָרניט דערלאַנגען און אָפּשלאָגן. דער לעבן איז פאַר אים אַ מדבר. ניט ער האָט אַ היים, ניט אַ פריינט. ער וועט שטאַרבן פלוצים אויף דער גאַס—היטנדיק יענעמס גליק...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן פאַרקאַן פון קלויסטער. דער קלויסטער ביינאַכט האָט אויסגעקוקט פאַרשפּיצטער, פרעמדער און שרעקעדיקער. באַנציע האָט געוואוסט פון אַ סודות'דיקן אריינגאַנג אין קלויסטער... אַ געהיימער כח האָט באַנציען אַ צי געטאָן אריינצוגיין אין די פוסטע, טונקעלע, געהיימע חדרים. ער איז אריין און האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע. ס'איז אים באַפאַלן אַ שרעק, פאַרגליוווערטע געטער, איקאָנעס, אין שווערמוט און גרויס צער, האָבן אַראָפּגעקוקט פון די ווענט. באַנציען איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק: ער וועט פאַרברענען דעם קלויסטער. ער וויל ניט שטאַרבן ווי אַ הונט פאַרלאָזן. זאָל מען כאָטש געדיינקען זיין טויט!...

ער האָט מיט דער שוועבעלע אָנגעצונדן אַ פאָן, אַ צווייטע און אַ דריטע. די פלאַמען האָבן זיך אַ ריס געטאָן אין דער הויך, און האָבן באַלויכטן אַלע חדרים פון קלויסטער.

באַנציע איז געקראָכן אויף די טרעפּ צום שפּיץ, וואו די גלעקער האָבן זיך געפונען. ער איז צוגעפאַלן מיט די הענט צו די שטריק פון די גלעקער און זיי געצויגן... די גלעקער האָבן געקלונגען, מעכטיק, ריין און טרויעריק. די פלאַמען האָבן באַלויכטן דאָס גאַנצע שטעטל. קינד און קייט האָבן זיך געצויגן צום קלויסטער.

נאָר צו באַנציען האָט מען שוין ניט געקענט צוקומען. ער איז געשטאַנען ארומגענומען פון די פלאַמען, און ער האָט אַלץ שטאַרקער געוויגט די גלעקער...

# צוויי מרגלים

אויף דעם שמאָלן, פינסטערן שטעג, וועלכער לויפט פון די פעלדער אין שטעטל אריין, קאַראַטשקעט זיך אַ מענש: אַ רויט־אַרמייער. זיין גאַנג איז פּאַרזיכטיק, איינגעהאַלטן און אויסגע־רעכנט. ער גייט אָנגעטאָן אין אַ שווער ווינטערדיק היטל, אין הוילן העמד און כמעט אַ באָרוועסער. ביים גאַרטל הייגנט אַ פּיסטאָליעט, און אַ פּאָר צענדליק קוילן, וועלכע שטעקן ארויס פון מעשענע פלעשעלעך. ער איז געשיקט געוואָרן אויסצושפּירן די געגנט.

זייער נאָענט זיינען די פּוילישע לעגיאָנערן. וואָס נעענטער ער קומט צום שטעטל, אַלץ פּאַרזיכטיקער ווערט ער... ער שטעלט זייער שטיל די טריט און האַלט די האַנט אויפן פּיסטאָליעט. אָבער זיין גרויסע אויפגעאַבע פירט אים ווי אַ פּראָזשעקטאָר דורך דעם פינסטערן שטעג. און אָט איז דאָס ערשטע הויז פון שטעטל... עס קלאַפּט שטאַרקער זיין האַרץ. זיינע אויערן זיינען וואָך גע־וואָרן, ווי ביי אַ חיה. זיין נאָז שפּירט יעדן שאָרך. זיינע אויגן ברענען מיט באַספּאָר...

ער וועט אריינגיין ווי אַ גוטער ברודער, ווי אַ פריינט. ער וועט אין דער שעה צייט איידער עס ווערט טאָג עפּעס דערשנאַפּן, אויספאָרשן... שוין איבער אַ וואָך צייט, ווי ער נישטערט ארום שטעטל... און איצט איז ער אין שטעטל אריין. ער וועט אָנ־קלאַפּן אין דער נידעריקער ווייסער שטיבעלע. ער ווייס, אַז דאָרט וואוינט אַן אַלטע מוטער מיט אַן אייניקל, אַ יונגע מיידל. ער וועט צו זיי ריידן ווי אַ פריינט, ווי אַן אַרבעטער. ער וועט אַוועקלייגן דעם פּיסטאָליעט אויפן טיש, זיי זאָלן זיך ניט דער־שרעקן פאַר אים. זיי האָבן זיכער געהערט, אַז רויט־אַרמייער באַגייען ניט קיין גוואַלדטאַטן. ער וועט זיי אָפּגעבן די שנאַפּס

און דאָס ברויטל, זיי מוזן זיין הונגעריק? ער וועט מיט זיי ריידן וועגן שטוביקע זאכן... אָבער אַז זיין פריינטשאפט וועט זיך פאַר־שטאַרקן, וועט ער פון זייערע רייד עפּעס לערנען...

ער האָט שטיל געקלאַפּט אין טיר פון דער נידעריקער ווייסער שטיבל...

שפּעטער, ווען דער טאָג האָט זיך געוועקט, און אין דרויסן איז געוואָרן שאַרלעך גרוי, האָט זיך אויפן באַרג באַוויזן אַ רייטער, אַ פּוילישער לעגיאָנער! דער לעגיאָנער איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן פערד אונטערגעהויבן אַביסל דעם קאָפּ, האַלטנדיק די ביקס געטריי צום ברוסט און די אויגן זיינע ברענענדיקע און ווייט־צעעפנט... און דער פערד, אַ יונגער, אַ ברוינער, איז געשטאַנען ווי אויסגעהאַקט פון שטיין. בלויז פון זיינע נאָזלעכער האָט אַ דינע פּאַרע געשלאָגן. און די גריווע זיינע האָט זיך לייכט געוויגט פון ווינט.

דער פּוילישער לעגיאָנער ליגט אויפן פערד און פאָרשט מיט זיינע אויגן דעם ארום... הינטער זיינע פּלייצעס, ביי צוויי וויאָרסט, לאַגערט דאָס פּוילישע חיל, זיינע פּוילישע ברידער!... פאָראויס, אַנטקעגן, האָבן זיך אַנגעלייגט די באָלשעוויקעס. ער זעט ווי זיי פינטלען דאָרט אין דער טונקעלער ווייטקייט. פינ־טעלעך, פינטעלעך באַוועגן זיך ווי מוראַשקעס... רויכעלעך, גרוי־אינקע גייען אויף פון שונא׳ס לאַגער.

אַנטאָק באַטראַכט זיין געוואַנטענע נייע היטל, דעם מונדיר, דעם טונקל־גרינעם און שטייף, געפּאַסטן, די גלאַנציקע שטיוול מיט די שפּאָרן. הע! זאָגט ער שטילערהייט, באַרוועסע באָל־שעוויקעס אויף אונזער לאַנד. ער האָט פּאַמעלעך אַ צי געטאָן דאָס צוימל פון פערד, איז אַראָפּגעפאָרן פון באַרג אין שטעטל אריין.

דאָס שטעטל אין טאָל איז אַ צעוואָרפענע, אַן איינגעטונקטע אין גרינעביימער, אַן איינגעשלאָפענע, פאַרמאַכט אַלע טירן און

לאָדנס. מיין היים, האָט אַנטאָק געוואָלט אויסשרייען, אָבער האָט זיך באַהערשט.

— אינדוראַ! אינדוראַ! מיין ליבע שטעטל, ווי פּרעכטיק איז דיין לאַנדשאַפט. ביי דיר אין שויס האָב איך זיך געהאָדעוועט. דו האָסט אין מיר ארייַנגעגאָסן הייסע, געטרייע בלוט, אַז איך זאָל זיך שלאָגן פאַר מיין פאָלק, וועלכעס וועט אייביק לעבן...

נאָר מיט אַמאָל האָט אַנטאָק אויפגעציטערט. אַ פענצטער האָט אויפגעפראַלט פון אַ הויז, און דורכן פענצטער האָט זיך אַריבערגעבויגן אַ יונגע, רייצנדיקע פּוילישע מיידל.

זי ווינקט צו אים און לאַכט אויפן קול: קום, קוש מיך, העלד מיינער.

אַנטאָק ווערט בלייך: — לאַך ניט, די באָלשעוויקעס זיינען זייער נאָענט. זיי וועלן מיך צערייסן ווי אַ הערינג, און מיט דיר וועלן זיך צען קאָזאַקן אָנזשיפּען, און דערנאָכדעם וועלן זיי דיר די צונג אויסשניידן.

אָבער דאָס פּוילישע מיידל לאַכט נאָך שעלמישער און בליצט מיט די ציין. אירע אויגן זיינען פול מיט גלוסטונג... און איר קערפּער, אין איין העמד, איז ארויסגעבויגן דורכן פענצטער און אַריבערגעשטרעקט כמעט אין אַנטאָקס הענט...

— איך גלויב ניט, ליבינקער: זיי וועלן ניט קומען, די באָלשעוויקעס. אונזערע בראַווע פּוילישע סאָלדאַטן וועלן זיי פאַרטרייבן, פאַריאָגן פון אונזער ערד...

אַנטאָק גלויבט ניט אין אירע רייד... ער נעמט אָן שטייפער די ביקס אין האַנט, עס צינדט זיך אָן זיין פּנים...

אָבער דאָס מיידל פאַרלירט זיך ניט. זי קוקט אים ליבלעך אין די אויגן... זי קוקט אין זיינע אויגן ליבלעך און פאַרפירעריש. זי בויגט זיך אַזוי אויס, אַז אירע בריסט זעען זיך אינגאַנצן נאַקעט, ווי צוויי טויבן אָן פעדערן.

אונטער אַנטאָקן שווימט די ערד, עס אַנטפּאַלט אים דאָס בלוט. דאָס האַרץ איז ארויסגעשפרונגען און טאַנצט אים אויפן רעקל... אָבער ער באהערשט זיך.

— ס'איז שוין גרויסער טאָג אין דרויסן, איך האָב שוין געדארפט זיין צוריק אין מיין לאַגער. איך גלויב אין אונזערע העלדן־ברידער, זיי וועלן פאַרטרייבן די רויטע געשפּענסטער!... איך וועל קומען צוריק צו דיר, פּוילישע טאָכטער. איך וועל מיט דיר חתונה האָבן.

אָבער דאָס פּוילישע מיידל פאַרגייט זיך אַזש פון געלעכטער... זי שטרעקט אירע הענט... און איר פּנים איז אין פלאַם און אין גוטסקייט פאַרגאָסן...

— קריך אַראָפּ פון פערד, העלד מיינער, און לאָז די ביקס אין שייד. איך האָב מורא פאַר דיין כעס און הייס בלוט... קום, גלעט מיינע הענט, קוש מיין לייב ביז בלוט...

אַנטאָק טוט אריין פאַמעלעך די ביקס אין שייד... נאָר מיט אַמאָל גיט ער זיך אַזאַ שטאַרקן וואַקל פון פערד, ווי די ערד וואָלט אונטער אים געזונקען. פון דעם אויפגעפּראַלטן פענצטער, וואו דאָס פּוילישע מיידל איז געשטאַנען, איז אויסגעוואקסן דער רויט־אַרמייער, וואָס האָט זיך געקאַראַטשקעט אויף דעם פינסטערן פעלד־שטעג. ער האָט מיט אַ מעכטיקער האַנט אויסגעשטרעקט דעם פּיסטאָליעט און מיט דער צווייטער האנט האָט ער ארומגענומען דאָס פּוילישע מיידל...

# איבער אַ לעבל ברויט

גיטל האָט זיך ארומגעדרייט אין דער פינסטערער שטוב מיט אַ לאַבן ברויט. זי האָט דעם לאַבן ברויט געהאַלטן נאָענט צום האַרצן, ווי אַ לייבליך קינד... — מאַדנע! די שטוב איז גרויס, מיט געהיימע ווינקלען, אָבער וואו מען באַהאַלט דאָס לעבל ברויט, קען זי ניט באַשטימען. — אין קעלער טויג ניט. סאָלדאַטן זיינען ניט קיין איינגלאָך... אויפן בוידעם איז אויך ניט קיין פּלאַץ. — אַ פיינע צייט! — האָט זי אַ זאָג געטאָן אויפן קול: — אַ שטיקל פוסנעם ברויט מוז מען אויסבאַהאַלטן. וואָס זאָל איך טאָן? דאָס לעבל ברויט מוז איך איינהיטן, ווי מיין אייגן לעבן. קליינע קינדער ווייסן פון גאָרניט...

זי איז ארויס אין פיר־הויז און אַוועקלייגנדיק דאָס לעבל ברויט אויף דער ערד, האָט זי מיטביידע באַפרייטע הענט גע־נומען פאַנאַנדערנעמען דעם קאַשטצאַר־האָלץ. — צווישן די האָלץ וועט זיין אַ גוטע באַהעלטעניש.

— ס׳וועט נעמען אַ טאָג, אָדער צוויי, וועלן די דייטשע זעלנער דורכגיין... אירע קינדער וועט זי אויסטיילן פּענעץ־וויז דאָס ברויט, צו דערהאַלטן די נשמה.

זי האָט איינגעמאָשצעט דאָס לעבל ברויט צווישן די האָלץ און זי איז געבליבן פאַר אַ ווייל צופרידן, אַפילו גליקלאָך... אָבער איר איז באַלד איינגעפאַלן, אַז אין די האָלץ טויג ניט... — זינט די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָבן אָנגעקערט מייז, שצו־רעס, וואָס האָבן ניט מורא פאַר קיין קעץ. — ס׳איז נאַריש צו פאַרשטופן דאָס לאַבן ברויט אין די האָלץ. די סאָלדאַטן וועלן דאַרפן קאָכן, וועלן זיי דאָך ניט ברענען זייערע אייגענע הענט?... אַז אָך און וויי!...

זיי זיינען דאָך אויך קינדער פון מאַמעס... איצט וואָגלען זיי, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, וואו געטאָגט ניט געגעכטיקט...

זי האָט אויף גיך פאַנאַנדערגעוואָרפן דעם קאַשצאָר־האַלץ. און ווען זי איז צוגעקומען צום לאַבן ברויט, איז איר לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן און זי האָט פרייער אָפּגעאָטעמט... און מיטן לאַבן ברויט צוגעדריקט צום האַרצן איז זי אריין צוריק אין שטוב. — ווען ס׳איז ליכטיק, וואָלט זי שוין געפונען אַ פּלאַץ... אָבער ווער ווייס וואָס זיך דאָס דערוועגן אָנצינדן פייער... ווער ווייס, וואָס אַזאַ נאַכטעלע טראָגט אין זיך ארום?...

די לעצטע רעשטלעך פון דאָס רוסישע חיל טרעטן אָפּ. איינציקע פוס־גייער שלייכן דורך ווי שאָטנס. רייטער טראָגן זיך אויף צעשראָקענע פערד. די נאַכט איז פינסטער און אָנגעלאָדן מיט שוועבל...

גיטל שטייט מיטן לאַבן ברויט אין די הענט און ציטערט... — בייטאָג האָט איר אַ רוסישער סאָלדאַט געזאָגט, אַז אינדערפרי וועלן שוין דאָ זיין דייטשן... עס גייט איר איבער אַ סקרוך איבערן לייב — דייטשן! דייטשן! פרעמדע מענער מיט ביקסן און שווערדן וועלן באַלד באַלאַגערן אַלע גאַסן, אַלע הייזער. פאַר שרעק האָט זי זיך ניט געקענט רירן פון אָרט...

פלוצים אַ שיסעריי, קולות, אַ טראַמפּלען פון פערד... אין איין פענצטער איז שטאַרק ליכטיק געוואָרן... די שרפה קוקט אויס זייער נאָענט. קיינער שרייט ניט, קיינער וויינט ניט. די איינוואוינער ליגן ווי צעשטיקטע אין די אויסגעלאָשענע הייזער. מען האָט מורא באַווייזן זיך אויפן גאַס. אַ שטילע שרפה ווי אַ שטילע לויה...

גיטל איז מקנא אירע קינדער. זיי שלאָפן איינגעטוליעט איינס אין אַנדערן. זי האָט זיך אַריבערגעבויגן מיט שטילער בענטשונג... — נאָך מיינע ביינער זאָלט איר בלייבן. — איר וועט אויפוואַקסן, וועט איר זיין קליגער, ווי די טאַטעס, ווי די מאַמעס... איר וועט ניט דערלאָזן מער קיין מלחמות.

און שטייענדיק ביי זייער בעט, איז איר איינגעפאַלן, וואו דאָס לעבל ברויט אַהינצוטאָן. זי האָט ארויסגערוקט דעם קאַסטן שמוציקע וועש פון אונטערן בעט. זי האָט אויפגעזוכט אַ ריינע ציכל אין קאַמאָד. און איינוויקלענדיק דאָס לעבל ברויט אין ריינעם ציכל, האָט זי עס פאַרשטופּט אונטער דעם באַרג שמו־ציקע וועש. די נויט לערנט קלוג צו זיין!...

זי האָט זיך צוגעלייגט אויפן זייט פון בעט, וואו אירע קינ־דער זיינען געשלאָפן. זי האָט געהאַט מורא צו אַנטשלאָפן ווערן...

— לעבן די שלאָפנדיקע קינדער איז ניט געלעגן אַ שוואַכע, שרעקעדיקע, עלנדע פרוי, נאָר אַ יונגע טיגריצע מיט שאַרפע ציין און נעגל... איר שלאָף איז געווען האַלב וואַך, איין דרימל איבערן אַנדערן... און ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען גרויסער טאָג... זי קוקט אויף די קינדער — שיינע בלומען מיינע.

— זיי טשוכען זיך און ציען זייער זיסן שלאָף, מיט דער זיכערקייט, אַז אַ מאַמע אַ גוטע, אַ שטאַרקע, וואָס האָט פאַר קיינעם אין דער וועלט קיין מורא ניט, וואַכט איבער זיי...

פלוצים אַ טראָמפּייט צעוויגט דעם שטילן אַנגעלאָדענעם דרויסן. דעם טראָמפּייט האָבן געענטפערט אַ סך אַנדערע, באַ־סאָווע און פייפנדיקע... און אַ שטורמדיקער געזאַנג פון פרעמדע מענער־שטימען האָט פאַרהילכט דעם דרויסן...

און ווען גיטל איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, וואו ס'האָבן זיך געזען די גערטנער, האָט זי פאַר שרעק אָפּגעטראָטן אַהינטער... אין געדיכטע מענגעס, ווי שווערע וואָלקנס וואָלטן אַראָפּגענידערט אויף דער ערד, האָבן געמאַרשירט מענשן אויף מענשן, אין גרינע געוואַנטענע מונדירן, מיט בלישצענדיקע קאַסקעס.

גיטל האָט אויפגעוועקט אירע קינדער, און מיט ציטערדיקע הענט זיי ארויסגענומען פון בעט. — מען האָט שוין געקלאַפּט שטרענג אין טיר... פאַרשטויבטע דייטשע זעלנער האָבן זיך גע־שטויסן ווי די אָקסן אין טיר. — גוט מאָיען! גוט מאָיען, האָבן

זי בראָט? — ניכט, — האָט גיטל געענטפערט. אָבער די ווינקלען פון איר מויל האָבן געצוקט... — האָבן זי נישט קיין אַנגסט, וויר ווערדען זי קיין שלימס טאָן. — גיטל האָט מיט איין האַנט ארומגענומעןביידע קינדערלאך אירע און מיט דער צווייטער האָט זי אָנגעוויזן, וואו די רוסן האָבן אָפּגעצויגן. — זיי האָבן אַלעס מיטגענומען. איך בין אַן אָרימע פרוי. מיין מאַן איז פאַרלאָרן. — אַך, זאָ! אַך, זאָ! — האָט זיך דער עלטסטער אָפּגערופן, און ער האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן צו זיינע זעלנער, זיי זאָלן גוט באזוכן דאָס הויז. — זיי האָבן געזוכט אין קעלער, אויפן בוידעם, איבערגעקערט די בעטן... נאָר איין זעלנער, אַ קליינינקער, מיט אַ געשטופלטן פּנים, איז געבליבן שטיין לעבן דעם קאַסטן שמוציקע וועש... ער האָט אַ קרים געטאָן מיטן נאָז, און מיט כעס אָפּגעשטופּט מיט זיין האַרטן שטיוול דעם קאַסטן פון זיך. דערנאָך האָט ער אַ שמייכל געטאָן... ער האָט ארויסגעצויגן דאָס קורצע שווערדל, וואָס איז אים נאָכ־געהאַנגען. ער האָט דאָס שווערדל טיף אריינגעשטאָכן אין די שמוציקע וועש און געבליבן שטיין פאַרוואונדערט... ער האָט ווי אַ פלינקער קאָרטן־וואָרפער צעוואָרפן די וועש איבערן גאַנצן שטוב. און ווען ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס לעבל ברויט האָט זיך אים גיטל געשטעלט אַנטקעגן ווי אַ וואַנט, און די קינדער האָבן זיך פאַנאַנדערגעוויינט. דאָס זעלנערל האָט שטאַרק אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן, האָט דאָס לעבל ברויט מיטן קורצן שווערדל איבערגעהאַקט אין העלפט. אָבער ס'איז אויסגעוואקסן אַ צווייטער זעלנער און ער האָט אויך דאָס זעלבע געטאָן.

די הונגעריקע זעלנער זיינען אָנגעפאַלן אויפן ברויט ווי פליגן אויף אַ שטיקל צוקער...

# סומנע

כ׳האָב געוואָרט אויף איר ביים עק פונם שטעטל. ס׳איז געווען נאַכט. די פינסטערקייט האָט מען געקענט אָנטאַפּן מיט די הענט. די שטילקייט און אומעטיקייט פון די פעלדער האָבן מיך ארומגענומען ווי מיט רייפן. די פייערלעך פונם שטעטל האָבן דערציילט פון דער אָרעמקייט און חרוב׳דיקייט; די פייערלעך האָבן געשימערט, געוואונקן און ווי געמאָנט בעסערע צייטן.

כ׳האָב דערהערט ווייטע טריט, ווייכע שרעקעדיקע טריט פון אַ מאַמען, וואָס האָט איינגעשלעפּערט אירע קינדערלעך און אַליין זיך געלאָזן דורך וויסטער נאַכט צו דערנערן זיי. זי האָט זיך דערנעענטערט צו מיר, אַ באָרוועסע, ארומגעבונדן מיט אַ פּאַ־טשיילע ביי די לענדן. אירע נאַכטיקע, אומרואיקע מוטערשע אויגן האָבן אויפגעשטראַלט מיט פרייד, דערזעענדיק מיך...

— נו, לאָמיר גיין, — האָט זי זיך אָפּגערופן. — די זומער־דיקע נאַכט איז קורץ, און דער וועג איז אַ לאַנגער.

מיר זיינען אַוועק מיט גיכע טריט, איינע לעבן צווייטן. דאָס בראַנפן, וואָס מיר האָבן געטראָגן, האָט זיך געפּאָליושקעט און ווי געוועקט דעם באַגער צו גיין אין וועג אריין... ווען מיר זיינען אָפּגעגאַנגען אַ וויאָרסט דריי, האָט זיך אויסגעליכטיקט אַ ביסל אין דרויסן. די לבנה האָט ארויסגעקוקט, ווי פאַרדעכטיק אויף אונז...

דער וועג האָט זיך געצומען ביסלעכוויז גנב׳ענען צווישן פּאַסן פון רעדער, וואָס האָבן זיך יאָרן און יאָרן דאָ געשניטן. וויסטע פעלדער, פאַרוואַקסענע מיט דערנער, זיינען געלאָפן אין די ברייטן און די ווייטן, איבערגעגראָבענע ערטערוויז מיט אַקאָפּעס, וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי אָפענע, אויסגערונענע אויגן.

מיין שותפ'טע האָט זיך אָפּגערופן: „אַ מלחמה'לע! יונגע מענטשן האָבן זייערע לעבנס דאָ אַוועקגעלייגט. אַמאָליקע צייטן איז ביי יעדן וויאָרסט געווען אַ דערפל. די מענטשן צעפלויגן, די דערפלעך פאַרברענט!"

זי האָט איבערגעוואָרפן די פּעקלעך אויפן אַנדער אַקסל. האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אירע אומרואיקע אויגן, האָט אַ זיפץ געטאָן: אָך, ווי סומנע...

דער וועג האָט זיך גענומען ביסלעכווייז גנב'ענען צווישן בוימלעך. מיר זיינען דורכגעגאַנגען איבער אַ הויכן בריקל פון צוויי ברעטער. איך האָב אַפּריער זיך איבערגעשאַרט מיט די פּעקלעך. נאָכדעם האָב איך זי אָנגענומען פאַר דער האַנט, זי געפירט איבער די שאָקלענדיקע, שמאָלע ברעטער. איר האַנט איז געווען וואַרים און האָט געציטערט, געציטערט מיט דער שוואַכקייט און מורא פאַר איר אייגענעם לעבן, מיט דער שטאַרקייט און אָפּפערדיקייט פאַר די לעבנס פון אירע קינדער. זי האָט זיך אָפּגערופן: „פאַר דער מלחמה איז דאָ געווען אַן אייזערנער בריק". זי האָט זיך געשראָקן פאַר איר אייגענעם קול, וואָס האָט אַזוי פרעמד און הילכיק אָפּגעקלונגען פון דעם וואַלד.

דער וואַלד האָט געשאָרכט מיט סודות, מיט געהיימניסן, מיט כשוף־ווינטן און שרעקנדיקע לעגענדעס... מיר זיינען פאַר שרעק אַוועק שנעלער. אַז איך האָב אויסגערעדט צו מיין שותפ'טע אַ וואָרט, האָט זי ניט געענטפערט. אירע אויגן האָבן געפלאַקערט וואַכנדיק און אומרואיק. זי האָט ארויפגעלייגט אַ פינגער אויפן מויל, מיך פלוצים אַ נעם געטאָן פאַר דער האַנט: „קום גיכער אריין אין וואַלד; עמיצער פאָרט, צי מ'גייט...

מיר זיינען אריין ניט טיף אין וואַלד. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף מיר, האָט געפיבערט און געציטערט און ווי געוואָלט זיך איבערגיסן און זוכן שוץ אין מיר. ס'האָט זיך דערהערט אַ דראָבנע הילכיקע קלאַפּעריי פון פערד. די קלאַפּעריי איז געוואָרן אַלץ העפטיקער און נענטער. ס'האָט זיך געזען דורך די

בוימער, ווי איבערן וועג זיינען דורכגעפֿאָרן דריי דייטשע זשאַנ־דאַרן. די קאַסקעס זייערע האָבן געבליצט אַנטקעגן דער לבנה. זייער שטילער פֿרעמדער לשון האָט זיך דערטראָגן צו אונז. דאָס האָט נאָך מערער פֿאַרשטאַרקט אונזער פֿאַרגליווערטקייט און שרעק.

מיר זיינען ארויס פון וואַלד צוריק אויפֿן וועג. אַ פֿויגל האָט געוויינט ערגיץ ווייט אויף אַ בוים; איר געוויין האָט ווי דערציילט פון אַ צערויבטן נעסט, וואו אירע קינדערלעך זיינען אומגעקומען.

— אַך, ווי סומנע! — האָט מיין שותּפֿ׳טע זיך אָפּגערופֿן.

פֿאַרטאָג זיינען מיר אָנגעקומען צו אירן אַ פריינט, אַ ישוב־ניק. די שטיבל זיינע איז געשטאַנען אין וואַלד. ביי אַ האַלב וויאָרסט אונטערן באַרג האָט זיך געפֿונען אַן אַלט, פּוסט דערפֿל. זי האָט שטיל אָנגעקלאַפּט אין אַ פֿאַרויכערט, קליין שייבל, און מיט אַ דינעם קול גערופֿן: „ישראל! ישראל!" ס׳האָט זיך געהערט אַ פֿרעגנדיקער, פֿאַרשלאָפֿענער, מאַנסבילשער קול: „ווער איז דאָרטן?" „איך, שרה׳קע! עפֿן אויף די טיר!" פֿאַרוקערס און דראָנגען האָבן זיך גערוקט. די טיר האָט זיך צעעפֿנט. אויפֿן שוועל האָט זיך באוויזן אַ הויכער פֿאַרשלאָפֿענער איד, געניצנדיק האָט ער אַ פֿרעג געטאָן: „געבראַכט עפּעס גוטע סחורה?" מיר זיינען אריין אין אַ גרויסער פּירהויז. דעם פֿאַרויכערטן לעמפּל האָט ער ארומגעוויקלט מיט שמאַטעס, עס זאָל זיך ניט דורכשלאָגן קיין ליכט אין דרויסן. ער האָט געעפֿנט אַ פֿאַר־באָרגענע ברעטל אין דער פּאָדלאָגע, האָט אויף גיך איבערגעגאָסן פון אונזערע פּעסלעך דאָס בראַנפֿן. איבערגיסנדיק האָט ער פֿאַר־זוכט אַ ביסל, געשטשעמעט די ליפּן, געקלערט אַ ווײַלע און ארויסגערעדט: „צו שוואַך; די גויים ווילן ניט קויפֿן קיין שוואַכע. יאָ, שרה׳קע, זאָלסט וויסן, ווי שטרענג ס׳איז געוואָרן מיט די בראַנפֿן. אַ גאַנצע וואָך האָט מען מיך געטרייסלט. אַלע טאָג אַנדערע זשאַנדאַרן... זיי האָבן מיר איבערגעקערט דאָס שטוב קאַפּויר. נו, נאָך אַזעלכע רעוויזיעס האָב איך שוין מורא געהאַט

צו פאַרקויפן. יאָ, וואָס מאַכן די קינדער? דיין ברוך? פאַרוואָס איז ער ניט געגאַנגען אַזאַ לאַנגען וועג, דערצו ביינאַכט?

ווען ס'איז שוין געוואָרן ליכטיקלעך בין איך אַוועק צוריק אַהיים. מיין שותפ'טע איז געבליבן אויף אַ פּאָר טעג ביי איר פריינט. דער טאָג איז אָנגעשוואָומען אַ גרויער. איך בין געגאַנגען אַ מידער, אַ ניט־דערשלאָפענער, אַ הונגעריקער. די באָרוועסע פיס האָבן זיך אָנגעקלאַפּט אָן שפּיציקע שטיינער. איך פלעג אַוועקטאַנצן איבערן פוסטן וועג, אריינכאַפּנדיק די פינגער פון די הענט פאַר ווייטיק. דער וועג האָט זיך געריסעוועט באַרג־ארויף, באַרג־אַראָפּ, צעדרייט און איבערגעפּאַסעוועט אין טריט פון חיות, פון מענטשן. פלוצים האָב איך באמערקט ווי אויף אַ זייטיק וועגל, וואָס האָט געפירט צו אַ געדיכטן וואַלד, האָט זיך געצויגן אַ שעריינגע מענטשן — דאָס האָט זיך איבערגע'גנב'עט אַ מחנה רוסישע געפאַנגענע פון איין וואַלד אין אַנדערן. זיי האָבן זיך געצויגן ווי אַ שנירל פייגל, וואָס וואַנדערן אויס אין וואַרעמע לענדער...

דעם גאַנצן וועג האָבן מיר פאַרפאָלגט זייערע מיסטעריעזע פיגורן... און דאָס בלוט האָט אין מיר געזונגען: אָך, ווי סומנע, אָך, ווי סומנע!...

# די זון האָט זיך אויסגעלאָשן

(אַ בריוו וואָס מען האָט געפונען בא אַ פאַרימשפּטין)

ליבע פייגעלע מיינע:

קוק ניט אויף מיין געשריפט מיט שרעק. איך בין געזונט און רויק. נאָר דאָס שטיבל, וואו איך זיץ און שרייב דיר דעם בריוו, שאָקלט זיך פון די האַרמאַטן. דער שונא לויערט ערגעץ נאָענט. אָ, ליבע פייגעלע מיינע: איך געפין זיך אַזוי נאָענט פון דיר, אַכציק רוסישע וויאָרסט. איך וואָלט אויף איין פוס אַוועק צו דיר. איך געפין זיך... נו, איך האָב פאַרגעסן דעם נאָמען. איך מוז זיך מודה זיין, שעפּסעלע מיינע, אַז איך בין היינט אַביסל צעטומלט. דאָס שטיבל וואו איך זיץ איצט, זעט אויס פּונקט ווי אונזער שטיבל. איך האָב זיך מורא צורירן צו אַ וואַנט, זיי זאָלן ניט אָנהייבן שפּילן.

איך קען די לעצטע צייט ניט פאַרטראָגן שטילע מוזיק...

— בום! בום! הערסט ווי עס רעוועז די האַרמאַטעז?

איך דערקאָן צי ס'איז פון שונא צי... און פון וואָס פאַר אַ קאַליבער האַרמאַט ס'איז ארויס די קויל. אונזעריקע טרעטן אָפּ. אַ סאָלדאַט מיט אַ פאַרוויכערטן פּנים שניידט איבער געשמיידיק די דראָטן פון די טעלעגראַפן. דער אַבאַז איז איינגעפּאַקט, ער איז גרייט פאַרן ערשטן סיגנאַל זיך צו רירן אין וועג אריין. נעכטן האָט מען אַוועקגעפירט די שווער פאַרוואונדעטע, אין אויטאָמאָבילן מיט רויטע קרייצן. מ'האָט געשפּילט פאַר זיי דעם העלדן־מאַרש. מיר זיינען אַלע געשטאַנען אָן היטלען.

פון די שווער פאַרוואונדעטע האָבן איך דערקאָנט מיינעם אַ חבר. ער איז געלעגן אין ווייסע מערליע פאַרוויקלט; ס'איז אויפגעגאַנגען אַ שאַרפער ריח פון אים, ס'האָט זיך מיר געוואָלט

ניסן. זיין פּנים האָט אויסגעקוקט פאַרטראָגן, בלייך און קינדיש־רחמנותדיק. איך האָב געוויינט שטאַרק אויפן קול... עמיצער האָט מיר אַ ריס געטאָן און איך האָב אים מער ניט געזען.

שרייב מיר, טייבעלע מיינע, ווי הייסט דער עלטערער זון מיינער? איך האָב פאַרגעסן זיין נאָמען. זיי מיר מוחל, מיין קאָפּ טראָגט מיך ערגעץ. אַן אמת'ער מיל אין קאָפּ! היינט האָב איך צום ערשטן מאָל דערפילט, אַז ס'איז אַזוי גוט צו לעבן איוף דער וועלט. דער טאָג איז אַזוי ריין. וואַרעמע און קאַלטע ווינטלעך צאַפּלען זיך אין דרויסן. איך האָב אַן עפן געטאָן די פענצטער און אַ געשריי געטאָן!... עמיצער מיט געווער, אַ הויכער, אַ שטריינגער, האָט פאַרמאַכט די פענצטער. גרויסע רויטע צעטלען זיינען אויסגעהאַנגען אויפן גאַס. די סאָלדאַטן וואָס האָבן געלייענט אין די צעטלען, זיינען אַוועק מיט אַראָפּגע־לאָזענע קעפּ. דאָרט שטייט געשריבן, אַז עס וועט זיין היינט אַ לקוי חמה — די זון וועט זיך אויסלעשן. יע, מיין ליבע פייגעלע, די זון וועט זיך היינט זיכער פאַרלעשן!... און דערנאָכדעם וועט שוין הערשן אַן אייביקע פינצטערניש.

איך וועל אַ ווילע אָפּרוען, עס ציטערן מיר זייער די הענט. איך פיל ניט די פיס, ווי מען וואָלט מיר זיי אונטערגעזעגט. און די האָרץ איז אינגאַנצן אַנטלאָפן. אַכציק רוסישע וויאָרסט איז זי געלאָפן. הערסט ווי זי קלאַפּט זיך אַן דיינע שויבן? טויבן פלעגן אַזוי קלאַפּן מיט זייערע הונגעריקע שנאָבעלעך אין די גרויסע פרעסט.

לאָז איר אריין, פייגעלע מיינע, קרוין מיינע, דערוואַרעם איר, באַשיץ זי, טרייב אַוועק דעם שטריינגן פרעמדן מאַן מיט די געווער, וואָס לויערט ער ארום מיר? וואָס וויל ער, דער פרעמד־דער מאַן, פון מיין יונגן לעבן? איך בין דאָך אַ טאַטע פון קינ־דער. וואָס פאַר אַ זינד בין איך באַגאַנגען, אַז איך האָב געוואָלט זען מיין ווייב, מיין היים?!...

## די זון האָט זיך אויסגעלאָשן

אין די רויטע צעטלען שטייט געשריבן, אַז מען וועט היינט דריי סאָלדאַטן דערשיסן. איך ווייס ניט פאַר וואָס פאַר אַ זינד. נאָר איינעם ווייס איך: מיר דוכט, ער טראָגט דעם זעלבן נאָמען וואָס איך. ער איז אַנטלאָפן פון פראָנט צו זיין ווייב און קינדער. אַ האַלבע שטעטל ברענט. סאָלדאַטן קוקן אויף דער זון מיט פאַרויכערטע גלעזלעך. עס האָט זיך געהערט אַ זאַלפּ. דאָס האָט מען איינעם פון דריי סאָלדאַטן געשאָסן. אין אַ שעה ארום וועט מען שיסן די איבעריקע צוויי.

דער שונא איז זייער נאָענט. סע ציטערן די ווענט פון מיין שטיבל, דער דרויסן שרייט פאַר אימה.

סאָלדאַטן לויפן איבערן גאַס מיט געבויגענע קעפּ. אַף דער זון האָט זיך אָנגערוקט אַ שוואַרצער וואָלקנדל. עס ווערט פון מינוט צו מינוט טונקעלער. לאַנגע שאָטנס וויגן זיך איבערן דרויסן. דער הויכער שטרייגער מענטש פירט מיך אונטערן אָרעם. די זון ווערט אַלץ מערער פאַרשטעלט. די שאָטנס פלעכטן זיך ווי שוואַרצע שלאַנגען.

דער הויכער שטרייגער מענטש האָט מיר צוגעשטעלט צו אַ סלופּ. דו ביסט דורכגעגאַנגען מיט די קינדער פאַר מיינע אויגן. איר האָט זיך געהאַלטן געטריי פאַר די הענט. איר האָט צו מיר ניט גערעדט. נאָר ווי הייליקע זייט איר דורכגעגאַנגען לעבן מיר. איר האָט תפילה געטאָן פאַר מיר. דער הויכער שטריינגער מענטש פאַרבינדט מיר די אויגן. איך אָטעם נאָך זייער טיף און פריי... אַף דער וועלט ווערט שטיל און רחמימ'־דיק — די זון לעשט זיך אויס אַף אייביק.

# מיכאַאיל און זיין פערד

אַ ווינטערדיקע ווייסע נאַכט איז געלעגן אויסגעשפּרייט ווייט און פאַרלאָפן. מיכאַאיל איז געלעגן איבערגעדעקט מיטן שעפּסענעם פּעלץ, אויסגעדרייט מיטן פּנים צום פענצטערל פון שטאַל. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָף די עלנבויגנס, געקוקט אויף זיין צוויי־יאָריקן, ברוינעם אָגער, וועלכער איז געשטאַנען אין זיין גאַנצער, גלאַנציקער בויגעוודיקייט, ארייגעטאָן איבער דער מאָרדע אין דער קופּע היי. מיכאַאיל איז אַראָפּגעקראָכן פון דער נאַרע, ארויסגענומען די שאַרפע האַק אונטער זיין געלעגער. די האַק האָט אָפּגעבליאַסקעט מיט איר שאַרפקייט און נייקייט, ווי דאָס ווייסקייט פון דרויסן. — — —

ער איז ארומגעקראָכן איבער דער קאַלטער ערדערנער פּאַדלאָגע פאַראייניזאַמט און צערודערט. די פלוצימדיקע בשורה, אַז דאָס גאַנצע דאָרף מוז צושטעלן די פערד צו דער דייטשער וואַך, האָט אין אים אויפגעריסן אַ צער ניט אַריבערצוטראָגן. ער איז געבליבן שטיין אַ ווייל אינמיטן שטוב, צוגעהאַלטן מיטביידע הענט דעם קאָפּ, וואָס איז ניט געוואוינט געווען קיין סך צו טראַכטן. זיין ריזיקע פיגור האָט אָפּגעשלאָגן אַ שאָטן איבערן שטוב, אומגעלומפּערט זיך איבערגעבראָכן איבער דער אַנטקעגנדיקער וואַנט. מיכאַאיל האָט געטראַכט: וואָלט ער כאָטש אַ קינד געהאַט ביי זיך, מיט וועמען זיך מישב זיין — ער האָט געטראַכט ביטער קעגן די „ניעמצעס", וואָס האָבן זיך אָנגעלייגט אויף דער רוסישער ערד, פרעסן דעם לעצטן זאַפט ארויס. איצטער שטעל זיי צו פערד! אַ פויער אָן אַ פערד איז ווי אָן הענט.

מיכאַאיל האָט אויפגעזוכט אַ קליינעם נאַגל, איז געבליבן

שטיין איבערן מיטן שטוב — צו פאַרזיכערן זײַן אַנטשלאָסנקייט. נאָכדעם האָט ער אַראָפּגענומען דעם לאַמטערן וואָס איז געהאַנגען אויפן וואַנט. ער האָט זיך פאַרטייעט אין אַ ווינקל און אָנגע־צונדן דאָס שטיקל ליכט, וואָס איז געווען אײַנגעוואַקסן און אַריבערגעשמעלצט איבער אַ בלעכענעם רערל. אַ פֿייערל האָט אויפגעלויכטן אַ געלבלעכער און אַ טשאַדענדיקער, האָט איבער־געשראָקן די מײַז, וועלכע האָבן איבערגעפּייקלט מיט זייער דראָב־נעם, איבערגעשראָקענעם לויפן, ווי אַ דראָבנער רעגענדל פון שראָט. מיכאַאיל האָט ארונטערגענומען דעם לאַמטערן אונטער דער פּאָלע און איז אַוועק שטיל און אײַנגעבויגן צום שטאָל. ער האָט אַן עפן געטאָן די טיר — און אַ דישע געטאָן: וואַסקאַ!

אַ יונגער, אַ פאַרשייטער הירזשען האָט דורכגענומען דעם שטאָל און דורכגעציטערט איבער דער שויב וואָס האָט געפירט צום הויז. נאָכן הירזשען איז אין שטאָל געבליבן הייגען די שטילקייט, אַ פאַרגליווערטע און אַ פאַרנע. דער ברוינער אָגער איז געשטאַנען שטאָלץ אַף זײַנע פיס. אויפן בויך האָבן אים ארויסגעטראָטן די אָדערן ווי איידעלע פאַרצווייגטע הערנער פון אַ הירש. די אויערן זײַנען אים געווען אָנגעשפּיצט, די אויגן פײַערדיק און פול מיט רעגונג.

איבערן רוקן האָט זיך אַוועקגעצויגן אַ זאַפּטיק אײַנגעשני־טענער פּאַס, וואָס האָט ווי געוויזן אַז ער איז שטאַרק און מאַסיוו ווי צוויי פערד. מיכאַאיל האָט אים אַ גלעט געטאָן ביים האַלז. וואַסקאַ האָט אָפּגעענטפערט מיט לײַכטע גלאַנציקע כוואַליעלעך איבערן פעל. וואַסקאַ האָט געהאַלטן אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו מיכאַאילן — אויך מיט זײַן פולן פערדישן צוטרויען צום בעל־הבית זיך צוגעקוקט, וואָס וויל ער טאָן אַזוינס?... מיכאַאיל האָט געגלעט וואַסקאַן ביים בויך, האָט אים דאָרט געקלאַפּט איבער אַ הינטערשטער פוס. וואַסקאַ האָט דעם פוס אַביסל אונ־טערגעהויבן. מיכאַאיל האָט ארײַנגענומען די פוס צווישן זײַנע קני, צוגעשאַרט די האָק, גענומען דעם נאָגל און פאַמעלעך

אריינגעשטאָכן אין דער קלאָ — ער האָט זיך פּאַרמאָסטן מיט דער טעמפּער זייט האַק. מיכאַאיל איז געווען פריטאמנע, ער איז גלייך אָפּגעלאָפן צום ווינקל מיט פּאַרמאַכטע אויגן — וואַסקאַ האָט צעווילדעוועט זיך אָנגעשלאָגן אָן די ווענט, זיך געשטעלט דובאָם. פון מויל האָט אים געשפּאַרט שוים. די שטאָל האָט ווי געקרעכצט. — מיכאַאיל האָט געקוקט אויף וואַסקאַן, ווי אַ פאַרשולדיקטער. וואַסקאַ איז געשטאַנען אויס־געבויגן דעם האַלז צום הינטערשטן פוס און מיט ציטערנדיקע נאָזלעכער באשמעקט און ווי געוואָלט באגרייפן: פון וואַנען איז צו אים געקומען פּלוצים אַזאַ שאַרפער ווייטיק?

מיכאַאל איז אריין אין הויז, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם פעלץ. דאָס לייב האָט אויף אים געברענט... ער איז צוגע־גאַנגען צום פענצטערל. אַנטקעגן, איבערן פארשנייטן וועג, איז געשטאַנען אַ ליידיק הויז מיט אויסגעהאַקטע פענצטער און אויס־געריסענע טירן. ס'האָט ארויסגעקוקט פון דאָרט שרעק און וויסטעניש. מיכאַאיל האָט שטייף דעם פּנים צוגעקוועטשט צום שויב און פאַר'עקשנ'ט ניט געוואָלט זיך אונטערגעבן קעגן דער גרויליקער פאַרלאָזנקייט, וואָס האָט ארויסגעקוקט פון דעם פוסטן הויז. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט מיכאַאיל דערפילט אַ שרעק... ס'איז אים דורך אַ קעלט. די ציינער האָבן זיך אָנגעקלאַפּט איינע אויף די אַנדערע מורא'דיק טרוקן. ער האָט זיך צוגעשאַרט צו דער נאַרע. אַז ער האָט זיך גענומען ארויפ־דראַפּען האָט ער דערפילט אַ טעמפּן ווייטיק אין אַ פוס. ער האָט צוגעטראָגן דעם לאָמטערן נאָענט צו זיך, ארויפגעשטעלט דעם פוס אויפן ביינקל. העכער איבערן ביין, ביי די ווייכע פלייש, האָט זיך געצייכנט אַ שמאָלער בלויער אויפגעלאָפענער פּאָסיקל.

— ער האָט מיר באצאָלט, וואַסקאַ, ווי איך בין ווערט געווען! ער האָט מיר געדאַרפט צוטרעטן ווי אַ וואָרים!

ער איז ארויס אין דרויסן. אַלץ ארום איז געווען טויט

און וויסט. די ווייסע ווינטערדיקע נאַכט האָט אָנגעלאָדן די ארומיקייט מיט ווינטערדיקן שטומען נצחון. מיכאַאיל האָט זיך איינגעבויגן, אָנגעשאַרט שניי אין בלעכענעם עמער, געריבן מיטן שניי דאָס געשווילעכץ פון פוס. די שפּיצן פינגער האָבן געשטשיפּעט פאַר קעלט.

די נאַכט האָט זיך געצויגן לאַנג און סומנע פאַר מיכאַאילן. דער ווייטיק פון פוס איז אים אַריבער אויפן גאַנצן קערפּער. ס'האָט אים אריינגעוואָרפן אין היץ און אין קעלט. ער האָט זיך איינגעדעקט מיט וויפל שמאַטעס ער האָט געהאַט. ס'איז אים געוואָרן לייכטער. ס'האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אים אַ מידקייט, וואָס האָט אים געהאָלפן פאַרזינקען אין שלאָף.

און ס'האָט זיך אים געחלומ'ט: ס'איז מיטן זומער. די זון האָט נאָר־וואָס זיך ארויסגעוויזן פון די ברעגן פון הימל. באַ מיכאַאילן אין שטיבל איז אַ גערודער. אויפן טיש פאַרעט אַ גרויסע שיסל קאַרטאָפל. זיינע צוויי זין שווינגען מיט די לעפל. זיי זיצן אָן היטלען. די פלאַקסענע האָר קלעפּן זיך זיי צו די שטערנס. דאָס ווייב זיינס גרייט צו די קאָסעס, וואָס קלינגען איבער מיט שטאָלענעם געזאַנג. און ער, מיכאַאיל, שפּאַנט דעם פערד אין דער גרויסער דראָבינע. דאָס פערד מונטערט אויף דעם דרויסן מיט זיין האָפערדיקן הירזשען. זיי פאָרן איבער אַ פעלד־וועג — דער וועג איז ליעפּקע פון רעגנס און צעשפּאָלטן פון היץ. די דראָבינע טרייסלט זיך — די זין זיינע זיינען אָנגעשפּאַרט באַ די לייטערדיקע ווענטלעך. ער פאָרט דורך זיינע קאָרן־פעלדער. די זאַנגען זיינען איבער אַ מאָן די הויך. איטלעך קעפל פון זאַנג איז פול און גרויס ווי אַ פינגער. מיכאַאיל קריכט אַראָפּ פון דער דראָבינע, רייסט אָפּ אַ זאַנג, ציילט אין אים איבער אַכציק קערנער. אַלע אויף דער דראָבינע עסן קערנדווייז דעם זאַנג און סמאַקעווען זיך פון זיסקייט. ער פאָרט פאַרביי דעם ליין, וואָס שטייען מיט שטייפע, קליינינקע, גאָלדענע קעפּלעך. אַ ליכטיקע גרינקייט הויערט איבער זיי. אַ שמאָל טייכל שניידט

דורך: דאָס פערד בויגט איין דעם קאָפּ און טרינקט. ער זייט דורך דאָס וואַסער פאַמעלעכדיק, דורך זיינע פערדישע ליפּן. אַז ער טרינקט אָן דעם בויך ווי אַ פויק דערזעט ער פּלוצים אַ צווייטן פערד אין טייך. ער גיט אים אַ קאָפּטשע מיטן פוס. דאָס וואַסער ווערט מוטנע און רעדערדיק. מיכאַאיל קלעטערט אַראָפּ פון דער דראַבינע, גייט אריין איבער די קנעכל אין וואַסער, וואַרט די מוטנעקייט זאָל אָפּגיין. אַפּן גרונט זעען זיך: שטיינער באוואַקסן מיט גרינעם האָריקן גליטשיקן מאָך. פון אונטער די שטיינער גנב'ענען זיך פעטינקע פישלעך. ער שעפּט אָן אַ פּאַר אַלעמען צו פלאַש וואַסער. דאָס וואַסער רייסט זיך אין די שמאָלע העלזלעך, בולקעט, בלעזלט זיך ארום די פלעשלעך אין וואַסער־דיקע קייקעלעך.

דאָס פערד איז אָנגעפּאָיעט. מיכאַאיל טוט אַ מאַך מיט דער בייטשל אין דער לופט. דאָס בייטשל טוט אַ פייף מיט אַ דינעם פאַרגייענדיקן סווישטש. די דראָבינע טרייסלט זיך. דאָס פערדל וויגט זיך אין די האָלאָבליעס. די אָקסן סקריפּען. זיי קומען צום „וויהאָן". ווייט און ברייט שפּרייט זיך דאָס פעלד אין גרינעם רירעווודיקן גראָז. מיכאַאיל שפּאַנט אויס דאָס פערד.

מיכאַאיל מיט די זין בלייבן שטיין אין די ווייסע העמדער, וואָס בלאָזן זיך אָן פון ווינט ווי די באַלונען. זיי שטייען אין אַ ריי אָפּגעטראָטן איינער פון אַנדערן, שאַרפן די קאָסעס, מיט די לאַנגע שאַרף־שטיינדלעך. די קאָסעס בליצן. זיי פעכטן מיט זיי אין האַלב־רונדיקע צירקלען. די גראָזן לייגן זיך פלאַסט נאָך פלאַסט אונטערטעניק בא זייערע באָרוועסע פיס.

מיכאַאיל האָט זיך אויפגעכאַפּט. ס'איז שוין געווען מיטן טאָג. ער האָט זיך אויפגעזעצט. דער ווייטיק אין פוס האָט זיך פאַרקליבן אונטערן ביין. ער האָט נאָכגעטראַכט דעם חלום און ער האָט פאַרקוקט אין פענצטערל פון שטאַל. וואַסקאָ איז גע־לעגן אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו זיין קראַנקן פוס. מיכאַאיל האָט אָן עפּן געטאָן דאָס פענצטערל און אַ געשריי געטאָן: וואַסקאָ!...

וואַסקאַ האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן מיט אַ קראַנקן פּייערל אין זיינע אויגן. מיכאַאיל איז אַראָפּגעקראָכן פון דער נאַרע, גענומען דאָס צווייגל, אריינגעשאַרט זיך אין שטאַל; זיך ארויפגעלייגט אַף וואַסקאַן. ס'האָט געשלאָגן אַ מורא'דיקע היץ פון זיין פעל; דער פוס איז אים געווען אָנגעשוואָלן ווי אַ קלאָץ. מיכאַאיל האָט פּאַמעלעך געצויגן דעם נאָגל פון דער קלאָ. וואַסקאַ האָט זיך ניט גערוערט. ער איז געלעגן אויסגע־שטרעקט. דער איינגעפאַלענער בויך האָט זיך אים געהויבן ווי אַ בלאָז־זאַק.

אַ גאַנצע לאַנגע ווינטערדיקע נאַכט איז מיכאַאיל געווען אויף. איבערגעביטן די קאָמפּרעסן פון ליים מיט וואַסער אַף וואַסקאַס פוס. ווען די היץ האָט אַביסל אָפּגעפאַלן, האָט ער פאַרזיכטיק און געדולדיק אויסגעקוועטשט די וואונד, ארומגעבונדן מיט אַ קלאָר־ווייסן לייוונט...

ווען ער איז צוריק אריין אין הויז האָט שוין געליכטיקט. ס'איז געווען אַ שאַרע ליכטיקייט. אַ ליכטיקייט וואָס האָט דער־ציילט פון אַן איבערבייט אין וועטער. אַ ווינטל, אַ שאַרפער, אַ קאַלטער האָט געדרייט, אויפגעהויבן די שנייעלעך און זיי אויפ־געקערט אין בערגלעך. אין דרויסן האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ זאַווערוכע. ס'האָט אָנגעפאַנגען העפטיקער שנייען. ערדישע שנייען האָבן זיך באַהעפט, מיט הימלשע. זיי האָבן זיך געדרייט אין מורא'דיקע זיילן.

מיכאַאילן איז באַפאַלן אַ בייַנקעניש: וואָס זיצט ער דאָ איינער אַליין, ווי אַ פאַרזשאַווערטער טשוואָק אין זיין פאַרלאָזן הייזל?...

עס האָט זיך אים איצטער געוואָלט אויפברעכן די פענצטער און זיך אָוועקטראָגן צו זיינע שכנים, וואָס האָבן מיט אים צוזאַמען געוואוינט אין זעלבן דאָרף יאָרן און יאָרן...

אין צוויי טעג ארום איז פאַרגעקומען די מאָביליזאַציע אַף די פערד. עס איז געווען אַ לויטערער טאָג. מיכאַאיל איז

געזעסן באם פענצטער, געקוקט צום וויטן שנייאיקן דרויסן. אַ האַלב וויאָרסט פון זיין הויז, אויפן טראַקט, האָט זיך געררודערט. פויערים זיינען געפאָרן רייטנדיק. אַנדערע אין שליטלאך מיט פליגלען, וועלכע האָבן דורכגעשניטן דעם דרויסן ווי שוואַלבן. מיכאַאיל האָט זיך גענומען גרייטן אין וועג אריין. ער האָט אָנגעטאָן דאָס פעלצל. זיך פארשטייפט מיטן רימענעם פאַס, האָט פאַרגלעט די האָר מיטן האַרטן בערשטל. ער האָט אַ קוק געטאָן אין גרינעם שפיגעלע און געהאַט דעם געפיל צופאַלן צו מאַרוסיעס וואַרעמע קני און זיך פאַנאַנדערוויינען...

ווען ער איז אריין אין שטאַל, איז וואַסקאַ געשטאַנען בא דער קופע היי. מיכאַאיל האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן איבערן הינטן. וואַסקאַ האָט אַ הירזשע געטאָן און אָפּגעטראָטן אַ פּאָר טריט אַף צוריק. מיכאַאיל האָט זיך אויסגעשטרעקט אויפן בויך, אָפּגע־בונדן און אָפּגעוויקלט די לייוונטן ארום פוס, וואָס איז געווען אויסגעפלעקט מיט מאַטעריע און בלוט. מיט איין האַנט האָט ער אים געגלעט, מיט דער צווייטער — אויסגעקוועטשט די וואונד, אויסגעשפריצט מיט וואַסער. וואַסקאַ האָט זיך פאָלגנדיק אַלץ געלאָזן טאָן.

דערנאָך האָט אים מיכאַאיל אָנגעטאָן דאָס נייע ציימל מיט בלישטשענדיקע גלעקלעך, אריינגעטאָן די אייזערנע גילזע צווישן צונג. אויפן רוקן פון וואַסקאַן האָט ער אַריבערגעוואָרפן אַ רעדנע, אַ פאַרביקע, אַ געשטרייפטע. מיכאַאיל איז עטלעכע מאָל ארומגעגאַנגען ארום זיין פערד; באטראכט די איינגעפאַלענע באָקעס. די פאַכוועס האָבן געהאַנגען ווי פוסטע זעק. די גריווע אויפן האַלז איז געווען פאַרפלאָנטערט. די גלאַנציקייט אויף זיין פעל האָט געקראָגן אַ מאַטאָוון קאָליר. מיכאַאילן האָט זיך גע־וואַסערט אין די אויגן. אין האַלז האָט האָט אים געשפּאַרט אַ קלעמעניש. ער האָט עטלעכע העפטיקע שלונגען געמאַכט כדי איינצושטילן דעם צער...

## מיכאַיל און זיין פערד

לעבן דער דייטשער וואַך, אַפן ברייטן ארומגעצאַמטן פלאַץ האָט זיך געטומלט. פויערים מיט פעלצלעך, מיט אויפגעשטעלטע קאָלנערס מיט באַשליקן זיינען געזעסן ווי קוקאָווקעס אויף דעם צאַם. אינעווייניק האָבן צוויי דייטשע דאָקטוירים אין גרינע מונדירן מיט גאָלדענע קנעפּ באטראכט די פערד, זיי געקוקט אין מויל אריין, געטאַפּט די פיס, געמאָסטן זייער הויך און זייער ליינג, איבערגעגעבן אַלץ צום שרייבערל, וואָס איז געזעסן דערנעבן ביי אַ טישל. צוויי זשאַנדאַרן מיט מעשענע קאַסקעס זיינען געזעסן אף זייערע הויכע פערד: שטאָלץ, פרעמד און באַפעלעריש. זייערע האַרטע וואָנצעס האָבן אַכזריות'דיק געשטאָכן דעם ווינטערדיקן דרויסן.

פאַרנאַכט. די זון איז פאַרגאַנגען בלוטיק. אַף איר האָט זיך גערוקט אַ דיקער פעכיקער וואָלקן. די פויערים האָבן זיך צעשאָטן פון שטאָט ארויס מיט ליידיקע הענט. זיי האָבן אַוועקגעסקריפּעט איבער די שנייאיקע פעלדער...

אָפּגעזונדערט און איינזאַם האָט מיכאַאיל מיט זיין פערד געהונקען צו זיין פאַרלאָזענער כאַטקע...

# צוריק אַהיים

אַ ווילד־פּאַרוואָקסענער און אַ דורכגעברענטער פון דער זון. שפּרייזט לייזער איצט צו זיין היים.

טויזנטער וויאָרסטן האָבן שוין זיינע פיס דורכגעמאָסטן אין די זיבן יאָר פון דער מלחמה. איצט שטרעקט ער זיך אַ באַפרייטער צו זיין היים. זיין האַרץ איז פול מיט שמחה און דער קאָפּ איז גרינג אויף אים. ער רעדט צו זיך דעם לשון, וואָס זיין מאַמע האָט אים געלערנט.

באַלד, באַלד וועט ער זי זען. זיי וועלן וויינען פאַר פרייד. זיינע ביינער, וועלכע האָבן אַזוי פיל ווייטיק דורכגעטראָגן, וועלן איצט געפינען רו אין אַן אייגענעםווינקל. ער איז נאָך גענוג יונג, אַז ער זאָל זיך קענען אָפּכאַפּן צוריק און פירן אַ לעבן מיט מענטשן גלייך.

ער דערקאָנט שוין די געגנט ארום זיין היים. די ברעגן הימלען זיינען ארומגערינגלט מיט בלוילעכע וועלדער, פון וואַנען עס יאָגט אומהיימלעכקייט און אָפּגעזונדערטקייט. אָבער זינט לייזער איז דורכגעגאַנגען די אַלע פייערן אין דער מלחמה, זיינען אים די פעלדער און וועלדער געוואָרן זיין היים. זיי האָבן אים באשיצט פון אַלע געפאַרן. און די ערד איז אים מער ניט פרעמד ; ער האָט איר גענוג אויסגעמאָסטן און דורכגעקנאָטן מיט זיינע צעווייטיקטע פיס. ער וועט די דאַרע סאָלדאַטסקע שטיוול, מיטן אַלטן גרויען שינעל, אָפּהיטן פאַר אַן אָנדענקונג.

ער שטעלט זיך אָפּ לעבן אַ טייכל. ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם פּאַק, דעם שינעל. שווער קומט אים אָן אַראָפּצוציען די דאַרע שטיוול. לייזער פילט אויף זיין אויסגעדאַרטן קערפּער די היימישע ווינטלעך. זיי זיינען פריינטלעך, זיי זיינען לאַשצענדיק,

זיי ריידן און קושן אים, און די זון וואַרעמט און היילט. ער טונקט זיך איין וואַסער און ער פּליעסקעט מיט די הענט. דאָס וואַסער שוימט ארום אים. און לייזערן דוכט זיך, אַז זיין קינדהייט האָט זיך אומגעקערט צו אים. די זיבן יאָר מלחמה איז ווי אַ שווערער חלום געווען. איצטער איז פרידן. איצט שפּאַנט אים דאָס גליק אַנטקעגן. ער וועט שעפּן גליק מיט פולע הויפנס.

אַ דערפרישטער, אַן אימפּעטיקער, האָט ער זיך איצט גע־טראָגן צו זיין היים. ארום אים האָט זיך געוואָלקנט דער שטויב פון זיין גאַנג. די הויט אויף זיינע ביינער איז געווען אָנגעצונדן. און די אויגן זיינע האָבן אויסגעקוקט די ערשטע שטוב פון זיין היים. ער זעט שוין דעם בית עולם. אַ מחנה בוימער האָבן זיך אויפגענומען אינמיטן פעלד און זיי היטן די מתים. אָבער לייזער פילט ניט קיין אומעט, ווען ער קומט צו נאָענט צום בית עולם. די שטיינערנע שווערע מצבות, מיט די אידישע טיף־אויסגעקריצטע אותיות ווייען אויף אים מיט אַ סך קינדערשע זכרונות. און די געשטאָרבענע, וואָס רוען אונטער די מצבות, זיי באוועגן ניט לייזערס האַרץ. ער שטייט גלייכגילטיק ביים שטיינערנעם פאַר־קאַן און קוקט אויף די קברים, וועלכע זיינען פאַרוואַקסן מיט הויכע גראָזן. קראָען קראַקען אויף די נאָדל־בוימער, און אַז זיי פליען איבער פון איין בוים אויפן צווייטן, שאַרן זיך זייערע שאָטנס איבער די הויכע גראָזן, ווי שוואַרצע וואָלקנדלעך.

לייזער גייט דורכן שטעג איינצושפּאָרן וועג. עס ווילט זיך אים צופאַלן מיטן פּנים צום שטעג, אַזוי באַקאַנט איז ער אים און היימיש. ער קען אַפילו אויפזוכן זיינע אָנגעצייכנטע טריט. ער דערקאָנט די שטיינער. זיי זיינען איצט ניט מער קיין שטומע ברואים פאַר אים.

עס צייכנט זיך מוני דעם שמידס הויז און זיין קוזניע. די קוזניע זעט אויס אי ווי אַ שטאַל, אי ווי אַ קליין פאַבריקל. פון קוימען שפּאַרט אַ שוואַרצער רויך דורכגעגאָלדיקט מיט פונקען.

לייזער גנב׳עט זיך, אַז מוני זאָל אים ניט באמערקן. ער וויל זען זיין איבעראַשונג. אָבער גראָד האָט זיך מוני באוויזן אין דרויסן און דערזעענדיק דעם בלודנעם סאָלדאַט, וואָס שטרעקט זיך אַ פאַרשטויבטער פון זייער וייטע וועגן... זיי האָבן זיך דערקאָנט... און ס׳האָט זיך אויסגעדריקט אין זיי די פרייד, ווי זיי וואָלטן געווען לייבלעכע ברידער. לייזער! — מוני! זיי האָבן איינע אויף די אַנדערע געקוקט און אַ פאַרבאָרגענע באַדויערונג איז גע־לעגן אין זייערע בליקן. און ס׳האָט זיך פאַרטייטשט: וואָס די צייט מאַכט!

— וואָס מאַכט מיין מאַמע?

— וואָס זאָל זי מאַכן? נישקשה, דיזעלבע... ערשט נעכטן איז זי געווען ביי מיר. זי האָט מיר דערציילט, אַז איר האָט זיך גע׳חלומ׳ט, אַז זי וועט נאָך דערלעבן זען לייזערקען.

די פּאָר צענדליק טריט, וואָס לייזער איז איצט געגאַנגען צו זיין מאַמען, האָבן זיך איצט געצויגן אַן אייביקייט.

נאָר פּלוצים זעט ער, ווי אַן איינגעבויגענע, דאַרע אַלטע פרוי לויפט אים אַנטקעגן. ס׳איז זיין מאַמע! זי לויפט מיט אַלע כחות, זי ספּאָטיקעט זיך, זי האַלט ביים פאַלן. לייזער לויפט איר אַנטקעגן מיט אויסגעשפּרייטע הענט, ווי פליגל. ער כאַפּט איר ארום. ער נעמט איר, ווי אין זיך אַריין. זיי קוקן זיך אין די אויגן. זי האָט ניט קיין אָטעם, און איר פּנים איז איבערגעוועל־טיקט מיט אַזאַ פרייד, וואָס טרייבט צו משוגעת.

ווען לייזער האָט אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פון זיין אַלטער היים, האָט דער פאַרנאַכט זיך שוין געוויקלט און געשפּאַרט דורך אַלע פענצטער מיט וואַלד און פעלד. די טונקלקייט און שטילקייט האָט אָנגעפילט לייזערס האַרץ מיט פרייד. קיין זאַך איז אין דער הויז ניט גערירט געוואָרן נאָך אַזעלכע שטורמס. עס שטייט ביים וואַנט דער זעלבער אַלטער קאָמאָד, מיט די טיש־קעסטעלך, וואָס ניט מען קען זיי עפענען און ניט מען קען זיי פאַרמאַכן. דער

סקריפּנדיקער שלאָפּבאַנק ביי דער צווייטער וואַנט. די מאַמע זיינע שטייט ביים אויוון; דער פּלאַם באַלויכט דאָס הויז. ס׳איז אַ באַלייכטונג, וואָס וויגט זיך אויף הונדערטער הוידעלעך. און זיין מאַמעס פּנים קעגן פּלאַם קוקט אויס ווי אַ בילד פון אַ הייליקער. די מאַמע רעדט ניט צו אים. זי פאַרשטייט, אַז איר זון איז איבער־געלאָדן מיט איבערלעבונגען... מען טאָר אים ניט אויפרירן. ער איז אַ פאַרהונגערטער און כדי אים צו ברענגען צו זיין פריערדיקן שטאַנד, מוז מען אים קאָרמענען ווי אַן עופ׳עלע. ס׳איז גאָרניט, האָט זי געטראַכט, וואָס ער קוקט אויס פאַרדרויטיקט און ער איז רירעוודיק. דאָס אַרבעט אַלץ אין אים דער אימפּעט. זי זעט דאָס נאָך זיינע אויגן. זיי גלאַנצן צו ווייטיקדיק. אָבער זי האָט געגנוג מאַמעשן געדולד, ווי אַלט זי איז. מיט דער צייט וועט ער זיך אויסשטיין, אויסניכטערן פון דעם מלחמה־טשאַד. זי האָט אַפילו אַ גוטן שדוך פאַר אים, מאַשע די נייטערן. ווען איר לייזערקע איז אַוועק אין דער מלחמה, איז זי אַלט געווען קוים דרייצן יאָר. און איצט איז זי קרוב צוואַנציק, אַ מויד ווי אַ דונער. אַ יתומה נעבעך, אַן אַנגעליטענע פון קליינוויס אויף. זי וועט זיכער איינוויליקן. צו זיי וועט געהערן דאָס הויז.

און מאָדנע — כמעט דיזעלבע געדאַנקען האָט לייזער גע־טראַכט, זיצנדיק אין ווינקל ביים פענצטער און קוקנדיק אויף יאָשע דעם קצב׳ס הויז, וואו מאַשע איז געזעסן אַן אַריבערגע־בויגענע ביים נייי־מאַשין. ער האָט ניט געזען גוט איר פּנים, נאָר איר קאָפּ שוואַרצע האָר איז געדיכטער און גלאַנציקער געוואָרן. און די הענט אירע האָבן זיך אַזוי פלינק געוואָרפן, ווי זי וואָלט געהאַלטן הייסע קוילן. ער האָט געטראַכט איצט וועגן מאַשען, ניט ווי מיט זיבן יאָר צוריק, מיט רחמנות, אַז זי איז אַ יתומה, אַן עלנטע. מאַשע האָט זיך אים איצט פאַרגעשטעלט אַ פריילעכע, רייצנדיקע פרוי, וואָס קען זיין לעבן אויפריכטן. זיין לעבן, וואָס האָט זיך געהוידעט אויף אַזעלכע בייזע כוואַליעס. און דאָס וואָס זי האָט זיך פּונקט אַוועקגעזעצט אַנטקעגן זיין פענצטער... און

### חיים פעט

פון ווייל צו ווייל גיט זי אַ וואָרף אויף אים אַ פּאָר הייסע אויגן, וואָס ברענען דורך די שויב, בעסער געזאָגט זיין האַרץ.

לייזער איז אַזוי לאַנג געזעסן ביים פענצטער, ביז מאַשע האָט זיך אויפגעהויבן פון מאַשין און האָט אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ.

לייזער האָט זיך אויפגעהויבן פון פּלאַץ און מיט גלייכע, שטילע טריט איז ער אַוועק צו מאַשען...

# די שיף ברענט

די שיף, אַ פֿאַראַנקערטע, אַן אויסגעפּוצטע אין פֿאָנען, האָט געציטערט מיט איר גאַנצן מאַסיוון קערפּער.

אויף דער שיף האָט זיך גערודערט. שווערע געפּעק האָט מען געלאָדעוועט פֿון צוויי קלענערע שלעפּ־שיפֿלעך, וועלכע האָבן זיך געשאַרט ארום דער גרויסער שיף. די מאטראָזן זיינען ארומ־געלאָפֿן הין און צוריק. אין זייער ארומלויפֿן איז געווען דער דורשט צום פֿרייען ים און דער צער און בענקשאַפֿט נאָך דער ערד...

איבער אַלע מאַסט־בוימער און ביי די קעסלען און רודערס האָבן שטאַרקע אַרבעטס־מענער, געשיקט און מיט געניטקייט, געגרייט די שיף צום אָפּשווימען...

די שיף האָט אַ פֿייף געטאָן. דאָס איז ניט געווען אַ פֿייף, נאָר אַ רעווען פֿון די טיפֿענישן פֿון דער שיף... און ווי פֿון אַ וואונדער האָבן זיך גענומען ווייזן דראָזשקעס, אויטאָמאָבילן. די ערשט־קלאַסיקע פּאַסאַזשירן האָבן גענומען צופֿאָרן צו דער שיף. דאָס האָט מען געקאָנט זען אין זייערע פּעק... טשעמאָדאַנעס פֿון קראָקאָדילן־לעדער, מיט מעשענע און ניקעלנע שלעסער. ס'האָבן זיך געזען ענגלישע געקעסטלטע, געשלאָגענע וואָלענע דעקעס. ס'האָבן זיך געזען גאָלף־שטעקנס, מיט אייזערנע לאָפּ־קעס. ס'האָבן ארויסגעשטייגט הערן אין צילינדערס, שווערע סיגנעטן אויף זייערע פֿינגער; דאַמען מיט פֿוקסן און מאַרדער קאָלנערס. בלויע דימענטן האָבן געלויכטן אויף זייערע פֿינגער פֿון די הענט. ס'האָט ארויסגעשטייגט אַ דייטשער באַראָן, וועל־כער האָט זיך געבייזערט אויף זיינע באַדינער...

ס'האָבן געשפּאַרט מענטשן צו־פֿוס. אָרימע מענטשן, פֿאַר־וואַקסענע מענער, מיט צעקנייטשטע קליידער אויף זיי.

די מענער האָבן געטראָגן שווערע פעק אויף די פּלייצעס. די פרויען — קינדער אויף די הענט. דאָס זיינען געווען מערסטנס מענטשן פון די לענדער, וואו די מלחמה האָט געבו־שעוועט... היימלאָזע, צעליטענע, הונגעריקע מענטשן...

די שיף האָט געדרעוועט אַ צווייטן מאָל צודרינגענדער, ווי אַ שאַרפע וואָרנונג איז געלעגן אין דעם רעווען... די מאַטראָזן האָבן אויף גיך אַוועקגעכאַפּט דאָס שמאָלע בריקל, וואָס האָט פאַרבונדן די שיף מיט דער ערד. די קוימענס האָבן אַ פּוף געטאָן מיט רויך.

און די שיף האָט זיך אַ ריר געטאָן, ווי פון סמאָלע. דער פּאַס וואַסער פון ברעג איז געוואָרן ברייטער, ברייטער...

אַ טייך מיט בייזע גרינע ים־כוואַליעס, און די מענטשן ביים ברעג און פון דער שיף פאָכען מיט טיכלעך... ס׳איז ניט קיין טיכלעך, נאָר לעבעדיקע, פלאַטערנדיקע פייגל. די מענטשן ביים ברעג ווערן אָפּגעמעקטער. עס קומט אויס, ניט די שיף גייט, נאָר דער ברעג...

אַ קאַרגע פּאָר שעה האָט מען געזען פישער־שיפלעך, וואַסער־עראָפּלאַנען, מעוועס, שניידנדיק איבערן וואַסער, טונקען זיי די שפּיצן פון זייערע אויסגעשפּרייטע שטאַרקע פליגל. סמנים פון לאַנד איז נאָך געווען ווייט ביי די האָריזאָנטן, אין די געדעכע־נישן ביי מענטשן...

אַ וואָרעמער, בלויער, שטערנדיקער הימל. און דער ים, אַ שטילער, געפּענטעטער גבור. די שיף שנײַדט מיט איר שאַרפן נאָז די וואַסערן. מען הערט ווי עס קלאַפּן אַלע מאָטאָרן, ווי אַ ריזיקער זייגער, אַן אָפענער וואָלט אויפן ים געפאָרן...

אין ערשטן קלאַס איז געווען שטיל. די פּאַסאַזשירן זיינען געזעסן אין טיפע וויג־שטולן איינגעוויקלט די פיס אין דעקעס. זיי האָבן געקוקט דורך שפּאַקטיוון אויף אַ שיף, וועלכע האָט זיך אַלץ דערווייטערט פון אונזער שיף. ס׳איז געווען אַ שטומער געזעגענען זיך פוןביידע שיפן...

דער ים ביינאַכט, אַ וואַסערדיקער מדבר. יעדע כוואַליע אַ בייזע שטיק אומהיימלעכקייט. און די שיף, ווי אַ מיניאַטורנע שטאָט. אַלע קיילעכדיקע, טעמפּע פענצטער לייכטן אין איר, ווי זיי ווילן דורכקוקן די טיפענישן און געהיימענישן פון ים. די שיף איז אַ באַזונדערע שטאָט מיט קלאַסן... ביי די מאַסטן געפינט זיך דער ערשטער קלאַס. דאָרטן פאָרן די רייכע, די יחסנים...

מענטשן, וואָס האָבן געקראָגן זייערע פאַרמעגנס דורך ירושות, דורך טרייבן שקלאַפן. מענטשן, וואָס זייערע געלטער ליגן אונ־טער שווערע שלעסער, און זיי קאָנען אַפילו ניט פאַרלעבן די פּראָצענטן — זיי זיצן שטילע, פאַראומערטע. ארום זיי טשאַט־קעווען באַדינער, מאַטראָזן. מען לאָבט זיי מיט סאַק, מיט פרוכט. דעם דייטשן באַראָן מאַניקיורט מען די נעגל. מען בינדט אים אַפילו אויס דעם שניפּס אויפן האַלז; אָבער ער בייזערט זיך און טרייסלט כעס׳יק די הענט... ער פּראָטעסטירט, דער באַראָן, וואָס אונטן, אין דריטן קלאַס, פירן זיך די פּאַסאַזשירן ניט אויף ווי געהעריק.

זיי פאַרהילכן אים דעם קאָפּ מיט די בונטאָווסקע לידער.

אין דריטן קלאַס ראַיעט ווי אין אַ בינשטאָק. אין די קליינע צימערלעך איז אַ בעטל איבער אַ בעטל. און די מאַשינען פון דער שיף רוישן מאָנאָטאָן און טרויעריק, ווי אייזן און שטאָל וואָלטן געפירט אַ געשפּרעך. יונגוואַרג שטייען ביי די פאַרענ־טשעס, אין זייערע יונגע אויגן לייכטן די האָפענונגען פון דעם נייעם לאַנד... אין זייערע יונגע אויגן שרייט דער צער און פּיין פון די מלחמה־יאָרן. זיי זינגען לידער, וואָס טראָגן אויף זיך די קאָלירן פון רעוואָלוציעס און פּאָגען... דער דריטער קלאַס פּאַ־סאַזשירן איז ארויסגעקומען ווי איין משפּחה... אַלע באַוועלטיקטע פון די נייע אידייען, וואָס די מלחמה־יאָרן האָבן אָנגעטראָגן...

אָבער אויפן ערשטן קלאַס איז געווען שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. די עלטערע פּאַסאַזשירן זיינען געלעגן אין די בעטלעך, אָבער קיין שלאָף האָט זיי ניט גענומען. זיי זיינען געווען צו זאַט,

צופיל געטרונקען און די שרעק פאַרן לעבן האָט זיי געמאַטערט. דער ים איז מורא׳דיק ביינאַכט. די שיף וויגט זיך ווי אַ קראנקע, גרויסע באשעפעניש.

שפעט ביינאַכט. אַלע פּאַסאַזשירן זיינען אין די קאַיוטעס. חוץ די נאַכט מאַטראָזן זיינען אויף דער וואַך. און דער באַראָן מיט זיין מעטרעסע — דאָרט איז ליכטיק, עס קלינגען באָקאַלן און ווין גיסט זיך ווי וואַסער. אַ דינע פליט פאַרגייט זיך, און דער אַלטער באַראָן, אַן אָנגעצונדענער, טאַנצט מיט זיין יונגער מעטרעסע. ער טופּעט מיט די אָפּגעשווערטע פיס, און דאָס לאַכן זיינס איז ווילד און צערייצט... זיי זיינען ביידע שכור, זיי טאַנצן אויפן טיש, ווי מאַריאָנעטן. ער קושט איר מיט זיין ציטערדיקער, אַלטער גאָמבע און ער וואַרפט פלעשער אין די געשליפענע שפּיגלען...

דער קאַפּיטאַן שטייט ביים רודער, ווי אַן אויסגעשמידטער, ווי אַן אויסגעגאָסענער פון בראָנז. זיין פּנים לויכט מיט פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט און איבערגעבנקייט. זיין פיגור דריקט אויס די שטאַרקייט פון אַן אַרבעטער־פירער... ער איז אויסגעבונדן מיט די מאַסאָווע מענטשן. זיי קענען אַלץ, זיי האָבן אויפגעבויט די וועלט...

ער האַלט פעסט דעם רודער אין די הענט און ער טראַכט פינסטער וועגן די מענטשן פון ערשטן קלאַס... ער האָט זיך דורך שווערער מי דערשלאָגן צו דעם ראַנג פון אַ קאַפּיטאַן. ער ווייס, אַז די רייכע וואָלטן אים ניט דערלאָזט צו ווערן אַ מיניסטער, אָבער צו שטיין אין שטורעמס, אין שווערע נעבלען, טאַפּן און פאָרשן אין ים דעם וועג און ניט צו אַנטשלאָפן ווערן אַ מינוט ביים רודער...

אָבער פּלוצים האָט דעם קאַפּיטאַנס הענט ביים רודער אַ צוק געטאָן... ער האָט דערשפּירט סמאַלינעס. און איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט אויסצופאָרשן עפּעס, האָט ארויסגעשאָסן פון דער אויבערשטער דעק אַ פלאַם. ער האָט נאָך אַ טראכט געטאָן, דער

קאַפּיטאַן: עס מוז זיין דעם אַלטן באַראַנס אַרבעט... דער קאַ־פּיטאַן האָט אָנגערייצט די שיף אויף אַלע סיגנאַלן. די שיף האָט געריעוועט און דאָס פייער האָט זיך פאַרשפּרייט מיט סאַלאַ־מענדיקע צונגען. בייזע פונקען אויסגעמישט מיט רויך און אַ טרעשצען פון דער שיפסביינער. די שיף ריעוועט. די מאַטראָזן זיינען אַלע אויף די פיס מיט קישקעס אין די הענט, מיט פריזן, העק און עמערס. די פּאַסאַזשירן פון ערשטן קלאַס, אין זיידענע נאַכט־מאַנטלען, לויפן מיט די טרעפּ אַראָפּ, זיי כאַפּן ארויף אויף זיך די רעטונגס־גאַרטלען. און די מענטשן פון דריטן קלאַס, ווי די מאַלפּעס, קלעטערן איבער די ווענט, איבער די סלופּעס, דורך אַלע טירן און טרעפּ. זיי וואַרפן זיך אין פייער מיט געפּעק, מיט עמערס וואַסער. די שטראָמען וואַסער פון די קישקעס שיסן ווי שלאַנגען אין דעם פייער, און די שיף שטעלט זיך ניט אָפּ, זי גייט און רעוועט און שפּיגלט זיך אין ים מיט אירע אָנגע־צונדענע פאָנען און מאַסט־בוימער.

און די מענטשן, ווי אויף אַ בילד פון מבול אין אַ פייערדיק־וואַסערדיקן געפלעכט. פאַרצווייפלטע געשרייען פון די פרויען, קולות פון די קינדער ביזן הימל. אָבער זייער פיל הענט שלאָגן איבערן פייער...

דער קאַפּיטאַן האָט אַ שמייכל געטאָן. דער פייער זעצט זיך — האָט ער געזאָגט. די שטראָמען וואַסער בייטשן און ליאַרעמען מיט איילנדיקער בייזקייט. די שיף פייפט מיט טריאומף־סיגנאַלן. די פּאַסאַזשירן פון דריטן קלאַס קושן זיך מיט די מאַטראָזן. און דעם קאַפּיטאַן האָבן זיי אויפגעהויבן איבער די אַקסלען, און אַלע צוזאַמען האָבן זיי אויסגעשריען: הוראַ! הוראַ! הוראַ!

ס'איז אַ נייער טאָג אין דרויסן, אַ טאָג, וואָס קאָן נאָר גע־באָרן ווערן אויפן ים, ריין און ווינטיק. די כוואַליעס שיסן ביז צום דעק, און דער וואַסער שמעקט מיט פיש און זאַלץ. און אַמאָל גיט דער ווינט אַן אַקער דעם ים אין אַזעלכע טאָלן און

גרינע פארשוימטע בערג. די כוואַליעס גייען אין מחנות און ליאַרעמען. וואו די אויג זעט נאָר, גייען זיי, די כוואַליעס, אָנ־געהורבעטע, כעס׳יקע וואַסערן, ווי מען וואָלט זיי געקאַמט מיט ריזיקע קאַמען.

דער קאַפּיטאַן האָט ניט געהאַט קיין טעות. דער פייער האָט אויסגעבראָכן אין איינעם פון דעם באַראַנס צימערן. פאַרטאָג האָבן עטלעכע מאַטראָזן דעם באַראָן אַ פאַרברענטן אויף קויל אַראָפּגעגליטשט אין ים אריין. — ניט באַשערט אַפילו די פיש זאָלן פון אים הנאה האָבן, — האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט.

די שיף מיט האַלב־אָפּגעברענטע מאַסט־בוימער איז געגאַנגען איר וועג צום נייעם גרויסן לאַנד, אַמעריקע. נאָר אויף דער שיף אינוויינינק האָט זיך די גאַנצע פירונג געביטן. די פּאַסאַזשירן פון דריטן קלאַס זיינען שוין נאָכן פייער פאַרבליבן אין ערשטן קלאַס. זיי איז געפעלן געוואָרן די געראַמע, ליכטיקע צימערן... און אין דער הויך, לעבן די מאַסט־בוימער, האָבן זייערע לידער און טענץ געשאַלט און געקלונגען שטאַרקער און פרייער...

# דעם ערשטן טאָג אין אַמעריקע

אין „קעסל־גאַרדן" האָט מען זיך מיט איטשען לאַנג ניט געצערמאָניע. איין דאָקטאָר האָט אים איבערגעקערט די ברעמען און אים אַריינגעקוקט אין די אויגן, וועלכע זיינען געווען שאַרף, קלאָר, מיט אַ קאַלטן פייער אין זיי, ווי ביי אַ חיה. אַ צווייטער דאָקטאָר האָט אים אויסגעהערט דאָס האַרץ. איטשעס האַרץ האָט אַרויסגעגעבן קלאָרע, רעגלמעסיקע קלעפּ. — ס'איז ניט קיין האַרץ, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט צום צווייטן דאָקטאָר, ס'איז אַ מילשטיין... די דאָקטוירים האָבן אָפּגעטראָטן אַהינטער. זיי האָבן באַטראַכט איטשעס קערפּער, ווי אַן אויסגעגאָסענער פון קופּער; פאַרברוינט, שטייף און מאַסיוו, ווי אַ ים־פיש. און די האָר אויפן קאָפּ ביי איטשען: גראָבע, פעטע, גלאַנציקע.

אַ באַאַמטער האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און האָט מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן אויף אידיש: — גיי אין גאָלדענעם לאַנד אַריין. אויף דער אַנדער זייט גראַטעס וואַרט אויף דיר דיין ברודער.

ביידע ברידער האָבן אַ שפּרייז געטאָן איינער צום אַנדערן. ווי צוויי לעבעדיקע מאַגנעטן האָבן זיי זיך אַ צי געטאָן איינס צום אַנדערן. ערשט דערנאָך האָבן זיי זיך געוואונדערט, ווי אַזוי זיי האָבן זיך דערקענט נאָך אַזוי פיל יאָרן זיך ניט זען...

איטשע האָט באַטראַכט זיין עלטערן ברודער, וואָס אין דער היים האָט מען אים גערופן שליימקע און דאָ רופט מען אים סאָל. איטשען האָט פאַרשטשימעט ביים האַרצן — וואו איז שליימקעס בלאָנדע, געקרויזטע האָר? איינציקע אָפּגעבליאַקעוועטע האָר ליגן צוגעפּרעסט אויף זיין הוילן קאָפּ; איבער שליימקעס בלויע אויגן זיינען, ווי אַ בריק, אַריבערגעוואָרפן ברילן, אין גרויסע,

שוואַרצע, ביינערנע ראַמען, און אַזאַ פּעטע בלייכקייט איבער זיין פּנים. און כאָטש שליימקע גייט אַזוי ריין און יום־טוב'דיק אָנגעטאָן, פונדעסטוועגן שטעלט דאָס ניט צופרידן דעם דאָר־פישן איטשען, וועלכער וואָלט געוואָלט באַגעגענען זיין עלטערן ברודער, אַ יונגן, אַ מונטערן.

שליימקע האָט אַרויפגעפירט איטשען אויף אַ שיף, וואָס האָט אויסגעקוקט ביי איטשען ווי אַ פּאַלאַץ מיט גרויסע קרישטאָלענע פענצטער. צוויי איטאַליענער האָבן געשפּילט, איינער אויף אַ האַרמאָניקע און דער צווייטער אויף אַ גיטאַר. דער ניגון איז איטשען זייער געפעלן געוואָרן. און ווען ער שעמט זיך ניט, וואָלט ער זיין ברודער אַ פרעג געטאָן: וואָס שפּילן זיי, אַ פּאָלקע, צי אַ וואַלס? אַן איינגעמורזעטער אינגל האָט זיך אַראָפּגעבויגן אויף די קני לעבן איטשען — און שליימקע, זיין ברודער, האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן צום אינגל. איטשע האָט זיך בשעת מעשה פאַרוואונדערט און אַפילו לייכט דערשראָקן, ווען דער אינגל האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין פוס. אָבער דערזעענדיק די פושקעלע שוהוואַקס און דאָס בערשטל און דעם אינגלס הענט, האָט איטשע ברייט אַ שמייכל געטאָן און ער האָט פלינק אַ טראַכט געטאָן: „ס'איז טאַקע אַ גאָלדענע מדינה".

ווען דער אינגל האָט אים גערייניקט די שיך, האָט איטשע באַטראַכט די פּאַסאַזשירן, וועלכע זיינען געזעסן אויף די בענק כמעט אַלע מיט פאַנאַנדערגעוויקלטע צייטונגען. איטשען איז אויסגעקומען, אַז אין די בלעטער איז היינט עפּעס אַזעלכע נייעס, וואָס יעדער לעבעדיקער מענטש מוז דאָס וויסן... נאָר איין זאַך איז אים געוואָרן זייער אויפפאַלנד און ער האָט זיך ניט געקאָנט באַהערשן און אַ פרעג געטאָן זיין ברודער, שליימקען:

— וואָס מאַכן זיי אַלע מיט די ליפּן, אַזוי ווי זיי וואָלטן געמאַלעגיירעט?

שליימקע האָט אַ לאַך געטאָן, איינגעהאַלטן, און האָט זיך אָפּגערופן:

— ס'איז אַזוי ווי ביי אונז אין דער היים שמעקט מען טאַבאַק, קייען זיי אַזעלכע מיענטע צוקערקעס.

אַראָפּגייענדיק פון שיף האָט זיך איטשע אָוועקגעשטעלט מיט די הענט אין די זייטן צו באַטראַכטן די גרויסע מויערן.

— וועסט נאָך האָבן צייט צו באַטראַכטן די גרויסע מויערן, — און שליימקע האָט איטשען פאַרן האַנט צוגעפירט צו אַן אָמניבוס.

שוין איבער דריי וואָכן, ווי איטשע האַלט אין איין פאָרן — פון פור אויף דער באַן, פון באַן אויף דער שיף. ער האָט אָפּגעלעבט צוואַנציק יאָר אויף דער וועלט און ער האָט זיך אַפילו ניט אַנגעזען אַ צענט-חלק, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען אין די דריי וואָכן. ער וואָלט געוועזן אַ בעלן זיך אַראָפּכאַפּן אין זיין דאָרף כאָטש אויף איין טאָג און דערציילן זיין טאַטע-מאַמע און דער עיקר זיין „ליובאַווניצע", טעמקען, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען אין די דריי וואָכן. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין ברודער פאַר די הענט און אים גענומען דערציילן אויף אַ הויכן קול פון דער היים. שליימקע האָט געשמייכלט און שטילערהייט האָט ער אים געזאָגט:

— מיר וועלן באַלד זיין אין דער היים, וועסטו מיר אַלץ דערציילן.

דער אָמניבוס האָט זיך געטרייסלט, ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פון וויילע צו וויילע, מענטשן זיינען אַראָפּגעשטיגן, אויף זייערע פּלעצער זיינען אריינגעקומען נייע, אַלץ פרעמדע און פרעמדע... אַ גליק וואָס עס זיצט לעבן אים זיין לייבלעכער ברודער, שליימקע!... איטשע קוקט נייגעריק ארויס דורך די פענצטער — אַ שטופעניש אַ ביסל, אַ געלאַף, ווי אויף אַ שרפה. און די וואַרעמקייט איז אַזוי ווי מען וואָלט דאָ געהייצט אין די גאַסן. און די קינדער גייען אָנגעטאָן דאָ אין אַזעלכע משונה'דיקע מיצן מיט אומישנע געמאַכטע לעכער, אויסגעשאָרענע היטלען אָן ברילקעס. זיי וואַרפן פּילקעס איינס צום אַנדערן. די פּילקעס מיידן קונציק אויס די שטראָמען מענטשן, די אויטאָמאָבילן, די

פערד און וועגענער — זיי טרעפן אין ציל, ווי דורך אַ כשוף...

ביידע ברידער זיינען אַראָפּ פון אָמניבוס. שליימקע האָט אריינגעפירט איטשען צו אַ שערער. דאָ האָט זיך איטשע אַזוי פאַרוואונדערט פון די גרויסע שפּיגלען, וואָס האָבן פאַרנומען די גאַנצע ווענט: אַז ביי פּראָסטע שערער זיינען אַזעלכע געשליפענע גרויסע שפּיגלען, טאָ ווי איז שוין אין די רייכע היימען? ער האָט געזען מענטשן אריינקומענדיק מיט קאַפּעליושן און ווייסע קאָלנערס. ער האָט איבערגעציילט צוועלף שטולן, שווערע, לעדערנע. אויף זיי זיינען געזעסן מענטשן איינגעוויקלטע אין ליילעכער, ווי ליאַלקעס, און ארום זיי האָבן ארומגעטאַנצט די שערערס, אָנגעטאָן אין ווייסע כאַלאַטן, ווי דאָקטוירים, און די שערלעך ביי זיי אין די הענט האָבן צוגעקוויטשעט און זיי האָבן געשאָרן אי די לופט, אי די האָר. און ווען איטשע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן שטול און מען האָט אים פּלוצים געגעבן אַ קער איבער, האָט ער געמיינט, אַז די גאַל איז אים געקומען אין מויל. ער האָט דערפילט אַ נודנאָסט, ווי זיין האַרץ וואָלט זיך אַ רוק געטאָן אָן אַ זייט.

שפּעטער, אַז איטשע האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל, האָט ער געזען שוין אַ האַלב אַמעריקאַנער איטשען: אויף זיינע רויטע, פייערדיקע באַקן אַזאַ ווייסער, שמעקנדיקער מעל, די טשופּרינע נידעריק און שטייף צוגעקאַמט מיט אַ גלייכן שרונט, ווי ער פלעגט דאָס זען אויף אַ שייטל.

ארויסגייענדיק פון שערער האָט איטשע דעם קאָפּ ניט געפילט — אַזוי גרינג און לופטיק איז דער קאָפּ אים געווען. ער האָט פאַרזיכטיק געטאַפּט די צוגעקאַמטע האָר, פון זיינע שפּיצן פינגער האָט פאַרטראָגן פאַרפיום. ער איז געגאַנגען זייט ביי זייט מיט זיין ברודער שליימקען. ער האָט זיך שטאַרק געהיט, אַז ער זאָל קיינעם ניט אָנטרעטן אויף די פיס, פיל מענטשן זיינען געקומען אַנטקעגן אים. און הינטער אים איז מען געגאַנגען ווי אין אַ מאַרש. מיט אַמאָל האָט זיך שליימקע אָפּגע־

שטעלט לעבן אַ געשעפט פון פּאַרטיקע קליידער. איטשע האָט אַריינגעקוקט אינם גרויסן פענצטער — אויף פּליצעס, אָן קעפּ, האָבן פּאַמעלעך זיך געדרייט מאַרינאַרקעס. שליימקע האָט זיך אָפּגערופן:

— וואָס פאַר אַ קאָליר האָסטו ליב?

— בלוי, — האָט איטשע שיער ניט אַרויסגעשריען. — בלוי גייט קיינמאָל ניט אַרויס פון דער מאָדע, — האָט ער שוין איינ־געהאַלטענער און שטילער געזאָגט.

זיי זיינען אַריין אין געשעפט. שריינגעס מאַנטלען, מאַרי־נאַרקעס האָבן פאַר איטשעס אויגן שעמערירט.

ווען איטשע איז אַרויס מיט זיין ברודער אויפן גאַס, ביידע אין נייע גאַרניטורן, אין נייע שיך, האָט שוין איטשע געפילט, אַז ער איז אַ האַלבער אַמעריקאַנער. און גייענדיק אַזוי האָט שליימקע איטשען אַריינגעפירט צו אַ פאָטאָגראַפּשטשיק. אין עטלעכע מינוטן אַרום האָט זיך איטשע דערזען אָן אָפּגעפּאַר־טרעטלטן ווי אַן עכטער אַמעריקאַנער, און ער האָט גלייך ביים פאָטאָגראַפּשטשיק גענומען אַ קאָנווערט, האָט פאַרזיכטיק אַריינ־געלייגט זיין בילד און מיט אַ שווערער האַנטשריפט אָנגעשריבן דעם אַדרעס צו זיין געליבטער, טעמקען...

# דער שניידער מיט זיין הונט

סעם איז אַן אָרימער שניידער. ער וואוינט אין אַ שטילער גאַס, אין אַ קליין, הילצערנער, אַלטער הייזקע, וואָס באַשטייט פון דריי חדרים מיט אַ שפּייכלער.

צוויי בוימער באַצירן זיין הייזל. די בוימער האָט ער אַליין פאַרפּלאַנצט.

סעם איז שטענדיק פאַרוואָרפן איבערן האַלז מיט אַרבעט. זיין שפּייכלער איז פאַרלעגערט מיט אַלטע בגדים. ער איז אַ גרויסער מייסטער אויף איבערניצעווען פון אַלט אויף ניי. עס ציען זיך פון אַלע גאַסן ארום די אָרימע מענטשן צו סעם דעם שניידער. סעם איז צוגעלאָזן און פלייסיק און ער איז גוט צו זיינע אָרימע קונדן. ער אַרבעט ביליק, אויף אויסצאָלן און ווי עס מאַכט זיך. ער האָט ניט קיין ווייב, קיין קינד, קיין קרוב. ער האָט בלויז איין פריינט: אַ הינטל.

סעם האָט אים געפונען אויף דער גאַס, אַ בלינדן, ווען ער איז אַלט געווען צוויי טעג. ער האָט אים געפּאָיעט מיט מילך, געקאָכט פאַר אים קאַשקעס. ער האָט אים אַ נאָמען געגעבן פּאָפּע. און פּאָפּע איז קלוג און ערלעך. איר זאָלט אים ניט געבן דריי טעג קיין עסן און עס זאָל שטיין אָפן פאַר אים אַלע אַלמערס, איז רעכט אַז ער זאָל זיך ניט צורירן. ער גיט אַפילו ניט אַ שמעק צו די מאכלים. ער קוקט נאָר מיט די קלוגע אויגן אויף סעם דעם שניידער. און אַז ער איז שוין גאָר שטאַרק הונ־געריק זעצט ער זיך אַוועק אַנטקעגן סעם דעם שניידער אויף די הינטערשטע פיסלעך; ער שאַרט דעם עקל איבערן דיל און לאָזט ארויס אַ דין, דין קוויטשעלע, ווי מען פאַרקוועטשט ווייט אַראָפּ־

צוצו די דינע סטרונע פון אַ פידל... דעמאָלט גיט אים סעם אַוועק אַ העלפט פון זיין מאָלצייט. זיין האַרץ איז דאָך ניט פון אייזן.

און שיין איז פּאָפּע, אַז ס'איז גאָר קיין פאַרגלייך נשיטאָ. די האָר זיינע ווי די וואָל פון אַ שעפּס, ווייס און געקרייזלט. פיר שוואַרצע לאַפּקעס, ווי אימיצער האָט זיי אָפּגעליאַקירט. און אויערן לאַנגע, דינע, זיי ציטערן שטענדיק. ווען ער איז זאַט ציט ער זיך אויס אויפן מיטן שטוב, זיינע אויגן דרעמלען, אָבער זיינע אויערן רעגן זיך פון מינדעסטן שאָרך...

נאָר, הערט, מענטשן, וואָס מיט סעמס קלוגן הונט האָט זיך פאַרלאָפן: ס'איז אָנגעשטאַנען אַ שווערער ווינטער. זיין פּרנסה איז געוואָרן שטאַרק געשלאָגן. אין דער שטילער גאַס וואו סעם האָט געוואוינט האָט זיך ארייגעקליבן אַ צווייטער שניידער, אַ אינגערער פאַר סעמען. ער האָט אויפגעעפנט אַ גרויס געשעפט, מיט מאַשינען... און סעם איז געבליבן ווי אויפן וואַסער. און דאָ איז ווינטער, די פּרעסט זיינען אומדערבאַרמדיקע. צו אַ זעקל קוילן קאָן מען זיך ניט צושטעקן. און דאָס הויז איז סעמען זייער ליב. יעדער ווינקעלע איז אים טייער. זיינע הענט זיינען דורכגעשטאָכן פון די נאָדלען און אויסגעדאַרט פון האָרעוואַניע. די שטוב דאַרף מען באַהייצן זי זאָל ניט צעפוילט ווערן.

אַלע פאַרטאָג פלעגט סעם מיט פּאָפּען ארויסגיין אויף די גאַסן. סעם פלעגט אויפקלייבן וואו אַ קעסטל, צייטונגען, פלעקלעך. און פּאָפּע פלעגט אים העלפן טראָגן.

אַזוי האָט סעם איבערגעשטופּט אַ האַלבן ווינטער; אַביסל אין הונגער, אַביסל אין קעלט, ער מיט פּאָפּען,ביידע גלייך.

דאַרף זיך מאַכן, אַז גייענדיק איינמאָל אין גאַס מיט פּאָפּען האָט סעם באַמערקט, אַז דעם יונגן שניידערס געשעפט איז פאַר־מאַכט אויף אַ שלאָס. דורך די פענצטער זעען זיך ליידיקע פּאָלי־צעס. אַ פּאָר הילצערנע און וואַקסענע פיגורן ליגן צעוואָלגערט אויפן דיל. סעם קוקט דורך די פענצטער און ס'וויינט אין אים

דאָס האַרץ פאַר רחמנות. און פּאָפּע שטייט לעבן אים, ער באַ־
טראַכט אים מיט זיינע קלוגע אויגן און ער הויבט־אָן פלוצים
ווײנען אויף אַזאַ מסוכנ'עם קול, אַז סעם איז אַזש אַ דערציטערטער
געוואָרן. פּאָפּע האָט געפילט אַלע זיינע ליידן...

דער ווינטער האָט זיך שוין באַלד אָוועקגערוקט. סעמען
האָט צוריק געגומען אריינפּאַלן אַרבעט. נאָר פון זיין הונט האָט
ער שוין קיין נחת ניט געהאַט. ס'איז אַ חרפּה אויסצוזאָגן, ער
איז געוואָרן אַ פּראָסטער גנב !...

ער האָט אָנגעשלעפּט דעם שניידער אַ פולע שטוב מיט האָלץ.
סעמס שכן, דער קצב, האָט אים שטילערהייט דערציילט, אַז
פּאָפּע האָט ביי אים ארויסגעכאַפּט אַ שטיקל פלייש פון די הענט.
דער רייכער איטאַליענער האָט אים געוואָרנט, אַז ער וועט פּאָפּען
דערשיסן. פּאָפּע האָט זיין הינטל געמאַכט פאַר אַ קאַליקע.
פּאָפּע האָט זיך אַזוי צעבונטעוועט, אַז די גאַנצע גאַס איז געווען
מיט אים אויף.

דער סוף מיט פּאָפּען איז געווען, אַז אין אַ פינצטערער נאַכט
האָט סעם איבערגעלאָזן זיין געטרייען, קלוגן הינטל אויף פרעמדע,
זויטע וועגן...

# געבויט אַ נעסט

צו דעם קעמפּ „זונלאַנד" האָט זיך געשטרעקט סאָניע, אַ יונג, דין מיידל, מיט איינגעגעסענע זומער־שפּרינקלעך אויף איר שמאָלן פּנים. די זומער־שפּרינקלעך האָבן איר געמאַכט אויס־קוקן שקאָציש.

אין האַנט האָט זי געטראָגן אַ קליין רענצל. ס'איז געווען דאָרט אַן עלעקטריש לעמפּל, אַ באָד־קאָסטיום, אַ פּאָר זאָקן און אַ בלוזקע אַ דינע, ווי פון שפּינוועבס. אירע רויטלעכע האָר, וואָס זיינען ניט געקרויזט און ניט גלאָט, נאָר אַזוי צעבונטעוועט, זיינען געווען ארומגענומען מיט אַ שמאָלער רויטער לענטע, ווי אַ האַלבע רייף. שיך האָט זי געטראָגן אויף נידעריקע קנאָפּל. זי האָט געשטעלט גרויסע שפּרייזן ביים זייט פון וועג. אויטאָ־מאָבילן האָבן פאַרבייגעפּייפט, זיך אָוועקגעטראָגן, אַנגעטריבן ווינטן. סאָניע האָט געשפּרייזט, זיך אַפילו ניט אומגעקוקט. זי האָט געטראכט, אַז דער, וואָס וועט איר וועלן צופירן, וועט אַליין אָפּשטעלן די מאַשין. איין אויטאָמאָביל האָט זיך אַפילו אָפּגע־שטעלט, נאָר סאָניע האָט אַזוי פלינק דורכגעקוקט דעם מענטשן, וואָס האָט איר העפלעך געלאַדן... ניין, אַ דאַנק! כ'האָב ניט ווייט צו גיין, אָט דאָ צום פאַרמער — האָט זי אַנגעוויזן מיטן פינגער. ווען די מאַשין איז ניט געוואָרן, האָט איר מיידלשע נייגעריקייט זיך געריצט מיט איר: אַ שאָד, געדאַרפט פאָרן...

אין קעמפּ „זונלאַנד" איז סאָניע אָנגעקומען שפּעט ביינאַכט. זי האָט ארויסגענומען פון טשעמאָדאַנטשיקל דאָס עלעקטרישע לעמפּל און איז פּאַמעלעך געטראָטן איבערן פעלד־שטעג, וואָס איז געלאָפן אויסגעבויגן צווישן הויכע גראָזן. דאָס לעמפּל אין איר האַנט האָט אויפגעוועקט לאַנגע שאָטנס, וועלכע האָבן גע־

פויזעט און ווי געדעקט די שפּיצן גראָזן. אויך די גראָז־שפּרינ־גערס און די גרילן האָבן שאַרפער געגומען זעגן די נאַכט.

די דריי געצעלטן, וואָס זיינען געשטאַנען אָפּגעטראָטן איינס פון אַנדערן אין אַ שורה אויפן פעלד, האָבן אויסגעקוקט ווי פאַר־אַנקערטע שיפן. צוויי געצעלטן זיינען געשטאַנען פאַרמאַכט. די פּרעזענטענע טירלעך פאַרשלייפט, די פּאָלעס צוגעבונדן צו דינע סלופּקעס. אינעווייניק, אין די געצעלטן, זיינען געווען אַנגעוואָרפן שטרויענע שעניקעס, וואָס אַז מען האָט זיך צוגערירט צו זיי, האָבן זיי געשריען. לייוונטענע בעטלעך, צוזאַמענגעלייגטע איינע אויף די אַנדערע, זיינען געלעגן ווי מיט צעבראָכענע ביינער. אויף די ווענט זיינען געהאַנגען באַד־קאָסטיומען, קורצע הויזלעך, וואָס קאָמעדיאַנטן טראָגן.

אָבער אין דריטן געצעלט איז געהאַנגען אַ קליינער לאָמ־טערן, דאָס פייערל, אַן איינזאַמס, ווי אַ סיגנאַל־פייערל אויף אַ ליניע, האָט באַלויכטן די שלאָפנדיקע פרויען און קינדער, וועלכע האָבן אין זייער געשמאַקן שלאָף זיך געטשוכעט פון די קאָמאַרן. ביי דער ברייטער עפענונג פון געצעלט, קעגן אויסגעשטערנטן הימל, קעגן דעם פאַרגליווערטן קאַראַוואַן בערג, זיינען געשלאָפן צוויי מענער ווי געטרייע שותפים... סאָניע איז געשטאַנען אַ ווײַלע אויף די טרעפּלעך פון געצעלט. זי האָט געקוקט אויף די שלאָפעדיקע מענטשן, וועלכע האָבן אויסגעקוקט ווי איין גרויסע פאַמיליע. זי האָט געזוכט וואו זיך צוצושפּאַרן. זי האָט אָבער נישט געוואָגט, ווייל אַ שלאָפנדיקער מענטש קוקט אויס טאָפּלט פרעמד... זי איז פּאַמעלעך אַראָפּ פון די טרעפּלעך און מיטן עלעקטרישן לעמפּל אין האַנט איז זי אַוועק צו איינעם פון די צוויי געצעלטן. זי האָט אָפּגעשלייפט דאָס פּרעזענטענע טירל, דורכגעפירט מיטן עלעקטרישן לעמפּל איבער אַלע ווינקעלעך פון געצעלט, ווי אימיצער וואָלט געלעגן דאָרט פאַרבאָרגן. זי האָט זיך אויסגעקליבן אַ בעטל.

זי האָט דאָס אויפגעלייגטע בעטל אַ נעם געטאָן אונטערן

אָרעם, ווי אַן אויפגעלייגטן פּאַראַסאָן. שפּעטער האָט זי צענומען דאָס בעטל ביים אריינגאַנג פון געצעלט, וואו די צוויי מענער זיינען געשלאָפן, ווי פּאַר'כשופ'טע שומרים. דאָס קרעכצן פון בעטל און סאָניעס ארומשאַרשקען האָט ניט געשטערט דעם שלאָף פון די מענטשן אין געצעלט. ס'האָט זיך צענויפגעגאָסן אין כאָר פון די גרילן, גראָז־שפּרינגערס, קראַקענדיקע זשאַבעס...

סאָניע איז געשטאַנען פאַרוואונדערט און געקוקט אויף דעם ברייטן, ווייטן פעלד... די קליינע פליגעלעך רוישן, פּויקן, זעגן אין דעם גרויסן פעלד־געשריי, ערשט אַזאַ שטילקייט, ווי די שטילקייט אין דער טיף פון ים...

אין אַ פּאָר מינוט ארום האָט סאָניע געשלעפּט אַ שעניק מיט אַ ליילעך פון איין געצעלט, אַ קישעלע מיט אַ דעקע פון צווייטן געצעלט... זי האָט אויסגעבעט דאָס בעטל ווייך און אויפגעהויפּט.

און באַלד איז זי שוין געזעסן אין איר בעטל־נעסט האַלב אויסגעטאָן, מיט אַ זשאַריענדיקן סיגאַרעטל אין מויל. זי האָט געקוקט אויף דעם נידעריקן, פאַרשאָטענעם הימל מיט שטערן... געקוקט אויפן וועג, וואָס האָט זיך געצויגן דורכן פעלד. זי איז געזעסן אויף איר בעטל־נעסט, ווי אַ פייגל און געוואַרט, אַז דער זכר־פייגל זאָל קומען צו איר צופליען...

# די קאַנאַריקלעך

אַבראַמאָוויטש האָט זיך נאָר־וואָס אויפגעכאַפּט פון שלאָף. ער האָט געפילט ווי זיין קערפער איז אויסגערוט, אויסגעוואַרימט, דער קאָפּ גרינג, קיין שום שווערע מחשבות דריקן ניט. דאָס בעט, ווי אַ לעבעדיקע — ער גיט זיך אַ ריר, הוידעט זי אים. און אָנגעצויגן איז דאָס בעט, ווי וויכער רימען, זי גאַנצט אים אויס די גלידער...

ס'איז גוט צו ליגן אַזוי אין בעט און טראַכטן... אָבער פאַר־וואָס טראַכט זיך נאָר פון אַמאָל, וואָס איז אַוועק און מען קען דאָס שוין ניט כאַפּן?... ווען איצט איז אים גוט, כאָטש ער איז שוין קרוב פופציק. ווען עס קומען גוטע, גרינגע יאָרן, פילט מען ניט, אַז מען איז אַלט... — ער וועט מער ניט ליגן אין בעט, הגם ער האָט ניט קיין באַשטימטע פלענער... אָבער פון בעט מוז מען אויפשטיין, עס קליאַבעט אין האַרצן. און די גלידער ווערן אָפּגעשוואַכט... ער האָט אָפּגעוואָרפן פון זיך די דעקע, אַראָפּגע־לאָזן די פיס אויפן טעפּיך און זיך דערפילט גוט פון דער מאָרגן־קילקייט, וואָס האָט געהויערט אין זיין געראַמען שלאָפצימער. ער וואָלט, דוכט זיך, געזעסן אין די לייכטע אונטערוועש אויפן ראַנד פון בעט אַן אייביקייט. „עס רעדט זיך אָבער אַזוי". אין אַ ווײַלע אַרום פילט ער ווי די פלייצע ברעכט אים און דער ראַנד פון בעט נעמט דורך זיין לייב. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַראָפּגענומען דעם געבלומטן זיידענעם שלאָפראָק, זיך אַרומגע־גאַרטלט אַרום די לענדן, און זיך אַריינגעזעצט אין אַ טיפן, ווייכן געבעטן שטול.

ער האָט געפילט אַ טיפע הנאה פון דער שטילקייט אין צימער. אַ שטילקייט, וואָס ער הערט ווי יעדער פולס קלאַפּט ביי אים.

אַ פּיינע מאַשין דער מענטש!... — דאָס בלוט יאָגט אונטער דער הויט, דורך דינע און גראָבע אָדערן. דאָס האַרץ קלאַפּט ווי דער זייגער אויפן וואַנט. ניין! אינדערפרי אַזאַ שטילקייט איז ניט גוט, ווען אין דרויסן רופט דאָס לעבן...

ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, לעבן שטייגל, וואו ס'האָבן זיך געוויגט און ארומגעטאַנצט צוויי קאַנאַריקעס ווי אויסגעשלאָגן פון געלכלעך. — וואָס שטומט איר? — האָט ער צו זיי גערעדט, — עס פעלט אייך דען עסן? טרינקען? ער האָט גענומען פייפן צו זיי... איין קאַנאַריק האָט זיך ווי פאַרטראַכט, צוגעמאַכטע האַלב די אויגלעך און האָט אָנגעהויבן פאַרגיסן דאָס צימער מיט טרעלן. באַלד האָט זיך דער צווייטער קאַנאַריק אָפּגערופן.

אַבראַמאָוויטש איז געשטאַנען אַ שמייכלענדיקער פון זייער דועט. אָבער זיך באַלד צוגעוואוינט צו זייער זינגען. ער הערט זיי אַלע פרימאָרגן. זיי פילן, די פליגלדיקע באַשעפענישן, ווען דער טאָג שיינט אויף, ווען די נאַכט פאַלט צו... ס'איז אים אומעטיק איצט פון זייער זינגען. אים דוכט, אַז זיי זיינען מתפלל. זיי ווילן זיך באַפרייען, פליען אין די פעלדער, אין די וועלדער. ער איז זיי מקנא, די קליינע באַשעפענישן, ווי זיי זיינען אויפגערעגט ארום זיך. זיי באָדן זייערע קערפּערלעך. זיי פוצן די פעדערלעך מיט די שנאָבלען. זיי טאַנצן ארום אין די שטייגן, ווי קליינע קאָמעדיאַנטלעך... ער איז אומבאַהאָלפן און אים איז אומעטיק...

ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שלאָף־ראָק און גענומען מאַכן גימנאַסטישע איבונגען. ער האָט זיך דערפילט דערמונטערט, אָבער אויך אַביסל אויסגעשעפּט. ער האָט גערוט אין דעם וויכן שטול. דערנאָך האָט ער ארויפגעצויגן די ווייסע, געפּרעסטע, לייוונטענע הויזן, אַ ווייסע העמד, אַ ברייטע שטרויענע הוט אויפן קאָפּ, און ער איז ארויס פון הויז. דאָס הויז האָט ער ניט פאַרשלאָסן און זיך געפרייט מיט דעם געפיל, וואָס ער וואוינט

אין אַזאַ געבענטשטן שטעטל „סי־געיט”, וואָס שלאָפט אַ שטילע, אַן אויסגעפּוצטע לעבן ים און די פּאָליציי־לייט שטייען ביי די טויערן און לאָזן ניט אריין קיין פרעמדן.

אַבראַמאָוויטש גלויבט, אַז אָרדענונג איז פון די גרעסטע גע־שאַנקען, וואָס דער מענטש האָט אויסגעטראַכט.

די בוימער, די ארומגעשאָרענע, אין „סי־געיט” האָבן זיך אָנגעטאָן פרילינגדיק גרין, בונטע בלומען לעבן די הילצערנע הייזער. וואַזאָנעס אין גרויסע, יאַפּאַנעזישע פאָרצעלייענע טעפּ.

— גוט מאָרגן, דאָקטאָר אַבראַמאָוויטש! — האָט אים אַ שכנה געגריסט, — איר גייט אויף אַ שפּאַציר?

— יעס! יעס! — האָט אַבראַמאָוויטש שמייכלענדיק גע־ענטפערט.

ער איז ארויף אויפן הילצערנעם בריק פון ים. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ ווײַלע, געצויגן טיף דעם אָטעם און געזאָגט צו זיך אַליין:

„ס׳איז ווײַן! נישט קיין לופט...”

אָפּילו דער הילצערנער בריק האָט געשמעקט נאָכן רעגן. און די זון האָט אַזוי ברייט געשיינט.

„אַך ווי גוט! אַך ווי גוט!” האָט אַבראַמאָוויטש צו זיך געזאָגט. „איצט איז די רעכטע צייט צו שפּאַצירן, ווען די ניו יאָרקער היישעריקן פליען ניט אָן...”

אָבער גייענדיק אַ ווײַלע אויפן הילצערנעם בריק איז אים ארייַנגעפאַלן אַ ווייטיק אין די קני... און צו וואָס דאַרף ער זיך ארומדרייען איינער אַליין אויפן „באָרדוואָק”? ווען ער קען אויף אַ ליאַדע באַנק זיך אַוועקזעצן און קוקן אויפן ים. ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ גרינע צוגעשמידטע באַנק, האָט ער זיך דערפילט גרינג און גוט, ווי אַ ניי־געבוירענער, און געטראַכט האָט ער, אַז ער וועט נאָך לעבן און לעבן. ער האָט זיך ניט גע־קענט אָפּוואונדערן: ווי שיין דער ים איז, ווי קאַפּריזנע דער ים איז, ווי מיליאָנען קינדער וואָלטן זיך דאָרטן ארומגעשפּילט. און

ער ווייס ניט, צי דער הימל דאָרט ווייט וויל ארויפציען דעם ים, צי דער ים וויל איינשלינגען דעם הימל... און די אויסגע־שפּרייטע פישער־שיפלעך, זאָל זיי גאָט צושיקן אַ גוטן פאַנג — עס פעלט דען דער מין אין ים?... ווי שיין זיי רויכערן, די שיפן, ניט ווי די באַנען, וואָס רוישן דורך מיט הונדערטער רעדער, מיט די קנוילן רויך און פייער. אַ שיף שרייבט דעם רויך...

אָבער אין אַ ווײַלע ארום האָט ער זיך דערפילט לאַנגווײַליק. דאָס רוישן פון ים, ווי באַנדורעס וואָלטן געטרויערט. די כוואַליעס קלאַפּן צום ברעג, זיי מאַכן פייכט דעם געלן זאַמד. און וואָס רעוועו אַזוי די שיפן? און די הילצערנע, דורכגעפוילטע פּעס־לעך הוידן זיך און קלינגען אויס אומעטיקע וואָרנונגען... דאָס גאַנצע אויפגעבושעוועטע וואַסער־לאַנד שרייט. אַפילו די מעוועס טראָגן אין זייערע ברייטע פליגל עלנטקייט און אומעט. די שפּראַך פון ים איז אים ניט פאַרשטענדלעך. ער וועט בעסער גיין צוריק אַהיים. ער וועט קוקן אין די ביכער, אין די ביכער ליגט פאַר־באָרגן די גרויסע וועלט, מיט טויזנטער יאָרן צוריק. דורך די ביכער האָט ער זיך באַקענט מיט אַלע פעלקער, וואָס האָבן באַ־טראָטן די ערד...

ער איז געגאַנגען האַסטיק. נאָך וואָס יאָגט ער זיך, ווייס ער ניט. ער איז ארייַנגעפאַלן אין הויז אַ פאַרמאַטערטער. ער האָט געטרונקען קאַלטע וואַסער און זיך געפּאָכט מיט אַ טיכל. אַזוי פרי אין פרילינג און שוין הייס, צו אַלדע טייוואָלים! ער האָט ארויסגענומען אַ בוך פון אַלמער, זיך אויסגעצויגן אויף דער קושעטקע און גענומען אריינקוקן; עס שווינדלט אים פאַר די אויגן און די אתיות גייען אויף צוריק, ווי ער וואָלט געפּאָרן אין אַ צוג. ער וועט בעסער אָנטאָן די ברילן... ס'איז אַ סך בעסער! אָבער דאָס בוך טויג ניט. מאַלע וואָס די וועלט לויבט... אַ משוגענער פּראָפעסאָר, קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט, אָן זין און אָן טעם. ער האָט דעם בוך אַראָפּגעלאָזן אויף דעם דיל און געבליבן ליגן מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן. און מאָדנע:

קעגן זיין ווילן האָט ער געגומען טראַכטן וועגן זיין פרוי, פאַרוואָס האָט זי אים פאַרלאָזט? ווען זי שיקט אים אַ גרוס דורכן ווינט, דורך אַ פויגל, ווי גוט עס וואָלט אים געוואָרן...

ער איז אַראָפּ פון קושעטקע צום פענצטער, וואו דאָס שטייגל איז געהאַנגען. די קאַנאַריקעס האָבן געדרעמלט, איינס לעבן אַנדערן איינגעקלאַמערטע מיט די פיסלעך אויפן שטאָפּל וואָס האָט איבערגעצאַמט דאָס שטייגל.

„אייך איז בעסער ווי מיר... איר פאַרלאָזט ניט איינס דאָס אַנדערע..."

ער האָט אָנגעפאַנגען פייפן צו די קאַנאַריקעס און ווען זיי האָבן אָפּגעענטפערט אין פאַרגייענדיקע טרעלן, האָט אַבראַמאָוויטש אויפגעפּראַלט דאָס פענצטער און אָן עפן געטאָן דאָס שטייגל, און די צוויי פייגעלעך האָבן אַ פלאַטער געטאָן באפרייטע צו דער זון...

# די ירושה

דבורה האָט פאַרפּאַטשט מיט די הענט און איז געלאָפן אַנט־קעגן אַן עלטערן מאַן, וועלכער האָט געטראָגן אַ טשעמאָדאַן אין זיין האַנט.

— אָנקל שעפּסל! אָנקל שעפּסל!

אונטער שעפּסעלס ברילן האָבן געציטערט טרערן, און דבורה, כאָטש זי איז ביי די פופציקער, האָט זיך איצט דערפילט אינגער אַנטקעגן איר אָנקל, וועלכער איז מיט וואָסערע צוואַנציק יאָר עלטער פון איר, הגם עס איז ניט שטאַרק קענטיק אויף אים די עלטער.

זיין פּנים, אַ פאַרוויינטיקטער, געזונטער, חוץ זיינע גרויע האָרטע וואָנסן גיבן צו וויסן, אַז ער איז אַלט און אין דערזעלבער צייט גיבן זיי איבער אַ געוויסע שטרענגקייט און גדלות׳דיקייט. ער איז הויך, מאַסיוו און אַ יונגע, ווי איינגעבאַלזאַמירטע אימפּאַ־זאַנטקייט, גיט צו סיי זיין פיגור, סיי זיין אויסערגעוויינלעכער ריינקייט, וואָס שלאָגט פון זיינע בגדים.

— דבורה, איך בין געקומען צו זיין ביי דיר ביז וואַנען מיר וועט באַשערט זיין צו לעבן; וועסט ניט צולייגן צו מיר, איך פאַרמאָג אַ שיינע פּאָר טויזנט דאָלאַר... און מיין גאַנץ פאַרמעגן האָב איך אָפּגעשריבן אויף דיר. — וועסט זיך כאָטש אַמאָל דערמאָנען, אַז דו האָסט געהאַט אַן אָנקל שעפּסל?...

דבורה׳ן איז פון איר אָנקלס רייד אי געוואָרן פריילעך, אי אומעטיק... פריילעך איז איר געוואָרן, וואָס איר אָנקל האָט אויסגעקליבן פּונקט זי איבערצוגעבן ביים לעבן נאָך די ירושה, און אומעטיק איז איר געוואָרן, וואָס די עטלעכע מינוט, וואָס זי

האָט פאַרבראַכט מיט איר אָנקל, האָבן איר געמאַכט צו פילן, אַז דעם מענטשנס לעבן איז פול מיט איבערלעבונגען.

דבורה האָט אָנגעשטעלט דעם סאַמאָוואַר, וואָס זי האָט נאָך גאָר אַמאָל געבראַכט פון דער אַלטער היים; זי האָט אַוועקגע־שטעלט איינגעמאַכטס אויפן טיש, צוקער און קיכל.

— טרינקט, אָנקל, איך וועל דערווייל גיין צוקלייבן פאַר אייך דעם צימער. באַלד וועלן זיי אָנקומען מייניקע פון ניו יאָרק, וועלן זיי זיך דאָס אַביסל דערפרייען מיטן גאַסט.

דבורה האָט אויסגעקליבן דעם שטילסטן חדר אין הויז: אַ גראַמער צימער מיט צוויי פענצטער, פון וואַנען עס האָבן זיך געעפֿנט האַרבסטיקע, פאַררעגנטע און מיט טרויער־באַצויגענע פעל־דער. איינצלנעביימער האָבן זיך געזען אויף די פעלדער. ווילדע ווינטן האָבן אויף זייערע פליגל געטראָגן די זוימען פון אַ גע־דיכטן וואַלד. דאָ האָבן זיך די זוימען אָפּגעזעצט, פאַנאַנדער־געריסן זיך, פאַרוואָרצלט און אויסגעוואַקסן אין ביימער, ווי פאַרוואָגלטע שומרים פון דעם אַלטן וואַלד...

דבורה האָט צוגעפּאַרטיקט דאָס בעט, מיט דריי קישנס צו־קאָפּנס. הגם דבורה איז שוין זייער לאַנג אין אַמעריקע, אָבער דאָס בעטגעוואַנט דערמאָנט איר אַלעמאָל אָן דער אַלטער היים... און אַז זי האָט אַמאָל חתונה געהאַט מיט איר איצטיקן מאַן דוד... און ווער רעדט, ווען זי האָט איבערגעצויגן מיט אַ נייעם איינשיט די פּוכאָווע פערענקע, וועלכע איז געווען אָנגעבלאָזן ווי אַ פּענכער. די פערינקע האָט איר, ווי מיט לעבעדיקע הענט, אַוועקגעפירט אין איר אַלטער היים. און זי האָט בשעת מעשה דורכגעפילט זייער אויף גיך בונטע, שאַרפע שפּירונגען, שוין כמעט פון איר ווייטער יוגנט.

זי האָט פאַנאַנדערגעוויקלט דעם פּאַפּיר, וואָס דער אָנקל האָט איר געגעבן, אין וועלכן עס איז אָפּגעשריבן זיין גאַנץ פאַר־מעגן אויף איר. דער פּאַפּיר איז געווען פול פאַרשריבן מיט אַ צוקנדיקער, צירקלענדיקער שריפט, מיט שטעמפּלען און מיט

חתימות... עס האָט געשלאָגן פון דעם פּאַפּיר סודות און ווערט־פולקייט... נאָר ווען דבורה האָט דערהערט איר אָנקלס טריט, האָט זי אויף גיך צוזאַמענגעלייגט דעם פּאַפּיר און זי האָט זיך פאַרשעמט, ווי פון אַ שווערער זינד...

— נו, אָנקל, ווי געפעלט אייך דער צימער? פאַרגעסט ניט, איך האָב דעם צימער צוגעקליבן אויף דער הייסער מינוט. דער צימער וועט ביי מיר אויסקוקן ווי אַ כלה...

דער אָנקל האָט אַ שמייכל געטאָן פון דבורה׳ס פאַרגלייך...

פלוצים האָט זיך די טרעפּ צעציטערט אין הויז, און אַן אויסגעמישטער געפילדער האָט זיך דערטראָגן.

— זיי זיינען שוין דאָ! — האָט זיך דבורה אָפּגערופן, און טאַקע באַלד זיינען די מאַנסבילן אריינגעפאַלן אין הויז, ווי אַ קליינע הונגעריקע אַרמיי.

דער ערשטער, וואָס האָט דערקענט שעפּסלען, איז געווען דבורהס מאַן, דוד.

— שלום עליכם! — האָט ער אויסגעשטרעקט זיין ביינער־דיקע האַנט און מיט אַ הייזעריקער שטים, אין וועלכער עס האָט זיך אויסגעדריקט סיי לצנות און סיי פאַרוואונדערונג, — וואָס מאַכט מען? אַ שאָק מיט יאָרן ניט געזען! ניט געפּאַסט אודאי קומען צו דער פלימעניצע?...

דערנאָכדעם האָבן זיך געוויטעוועט מיט שעפּסלען דבורהס צוויי זין, הויכע בחורים, און זיי האָבן אַפילו אַ רעד געטאָן צום פעטער אַ פּאָר ווערטער אויף אידיש...

די וואַסער־קראַנען האָבן זיך צערוישט. די מענער האָבן זיך געוואַשן, שטולן האָבן זיך גערוקט.

דבורה האָט אויף גיך צעשניטן עטלעכע הערינג, פּאָמאַדאָרן קיילעכדיקע, רויטע, ווי איינגעטונקענע אין פייער; זי האָט אוועקגעשטעלט אַ פלאַש בראָנפן אויפן טיש. די מענער האָבן

זיך דורכגעוואָרפן מיט ווערטלעך וועגן דעם שלעכטן וועטער, וועגן דער שווערער אַרבעט, און אַז אין דער אַלטער היים האָט מען ניט געדאַרפט אַזוי פיל זאָרגן.

אויף די ווערטער האָבן זיך די צוויי זין אונטערגעהויבן פון די שטולן, ווי מען וואָלט אונטער זיי זודיקע וואַסער אונטער־געגאָסן, האָבן זיי יעדער אויף אַן אַנדער אופן אַ זאָג געטאָן: „פאַרוואָס פאָרט איר ניט צוריק אין דער אַלטער היים?" און זיי האָבן געוואָלט זאָגן נאָך עפּעס האַרבערס... נאָר זיי האָבן זיך אָפּגעהאַלטן דערזעענדיק דעם אָנקל, ווי ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיי פינצטער און ער האָט אַ בורטשע געטאָן: „ס'איז טאַקע כדאי צו האָדעווען אַזעלכע קינדער, כ'לעבן".

דבורה'ן האָט אויפגעקאָכט דעם אָנקלס פינצטערער קוק און די פּאָר ווערטער, וואָס ער האָט ארויסגעבורטשעט. זי האָט פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. פאַרקערט, זי האָט נאָך גוט אָנגעזידלט די צוויי זין אירע... און פאַר כעס און פאַר צער, וואָס זי האָט אומזיסט געזידלט אירע זין, איז זי אַוועק אין איר שלאָפצימער און האָט איר פּנים פאַרגראָבן אין די קישנס פון בעט. איר מאַן, דוד, איז געבליבן זיצן רואיקביים טיש. ער האָט שוין גוט געקענט זיין דבורה'ן. מען טאָר זי אויף דער הייסער מינוט ניט איינגלעטן. אָבער ווען עס גייט איר אָפּ דער כעס, איז ניטאָ קיין גלייכן צו איר.

שפּעטער, ווען אַלע אין שטוב זיינען שוין געשלאָפן — אָנ־געהאָרעוועטע מענער, וועלכע דאַרפן זיך מאָרגן שטרעקן פרי אין ניו יאָרק, נאָר די איינציקע, וואָס זיינען נאָך ניט געשלאָפן, איז געווען דבורה און איר אָנקל. דבורה האָט געהערט ווי דער אָנקל דרייט זיך שווער אויף זיין געלעגער. ער ברעכט אויס מיט שטאַרקע הוסטן יעדע ווילע. דאָס הוסטן איז ניט געווען ווי פון אַ פאַרקילטן מענטשן, וואָס מ'קאָן זיך ריכטן, אַז אַ ליאַדע מינוט וועט דאָס פאַרשווינדן. דאָס איז געווען אַ הוסטן פון אַ

מענטשן, וואָס האָט אַ סך געטרונקען דעם ביטערן טראָפּן... אַ מענטש, וואָס האָט לײדנשאַפטלעך געריכערט. צווישן דעם הוסטן האָט ער געזיפצט, זיפצן דורכגעביטערטע פון מחשבות׳ן...

דבורה׳ס האַרץ איז איבערגעפּילט געוואָרן מיט רחמנות צו איר אָנקל. און עס האָט איר געפּלאָגט, וואָס זי איז אין כעס געוואָרן אויף אים, כאָטש זי האָט אים גאָר ניט אַנטקעגן־גערעדט. אָבער זי איז געווען זיכער, אַז ער האָט דאָס דערפילט טיף אין זײנע אַלטע קלוגע בלוטן... זי האָט אינגאַנצן חרטה געקראָגן אויף דעם שידוך... זאָל ער דאָ זײן אַ וואָך־צוויי און זאָל ער זיך פאָרן צוריק אין ניו יאָרק געזונטערהייט מיט זײנע פּאַפּירן...

און אפשר דאַרף מען זיך צו אַ מענטשן צוגעוואוינען?

אויף מאָרגן איז דבורה געווען זייער צערטלעך צום אָנקל. צו דער טיי האָט זי אים טראַקטירט מיט כאַלוואַ... אָבער זי האָט ניט געקאָנט פאַרליידן ווי ער האָט אַלע פינגער פאַרפּאַטש־קעט און די גלאָז האָט אויסגעקוקט ווי אויסגעשמירט מיט קליי. און אַ גאַנצן טאָג האָט ער זיך נאָר געפּלאָנטערט אין קיך און אויף אַ מאָדנעם טרויעריקן ניגון האָט ער געמאָלן קאַפּיטלעך תהלים. דאָס תהלים זאָגן האָט שוין דבורה׳ן אינגאַנצן אַרויס־געשלאָגן פון געדולד. „וואָס באַוויינט ער דאָ אַ טויטן?" „פאַר־וואָס גייט ער ניט אַריין אין זאַל און שטעלט בײשט אָן די ראַדיאָ?" אָבער דערזעענדיק איר אָנקלס פינצטערן קוק אויף איר איז זי געוואָרן שטיל...

עס זײנען אַריבער עטלעכע וואָכן, וואָס סײ דער אָנקל און סײ די פלימעניצע האָבן אָנגעהאַלטן אַ געצוואונגענעם שלום צווישן זיך. נאָר אײנמאָל, ווען דבורה האָט זיך געפּאָרעט אין קיך, האָט זי פּלוצים אויפגעציטערט פון אַ קלאַפּ, וואָס האָט זיך צעשאָטן אין הונדערטער ברעקעלעך. זי איז אַרײנגעלאָפן אין זאַל. ערשט דער אָנקל זיצט אויפן דיל און ער קלייבט די שטיקלעך פאַרצעליי פון דער גאָר גרויסער וואַזאָנע און דאָס

געוויקס פון דער וואַזאַנע איז איבערגעבראָכן אויף דער העלפט. די ערד איז צעשפּריצט אויף די ווענט, אויף די ווייכע מאַסיווע שטולן.

— ווי אַזוי האָט דאָס געטראָפן, אַנקל?

— מיט אַ מענטשן טרעפט אַלץ. אַז אין זאָל ביי דיר אין פינצטער ווי אין סדום... וואָס האָסטו מורא אויפצוהויבן אַ פאַרהאַנג?

— אַנקל! אַנקל! — האָט דבורה איינגעצאַמט איר כעס, — פאַרוואָס גייט איר ניט אַראָפּ אין גאַס? לופטערט זיך דורך אַביסל.

כאָטש דבורה האָט געפילט, אַז זי רעדט אַזעלכע גערעכטע רייד, דאָך האָט זי געזען אין איר אַנקלס פאַרשוויגן איר, אַז עס איז ניט די צעבראָכענע וואַזאַנע... ער איז אַ גרויזאַמער מענטש; זיין שוויגן פייניקט איר, זיינע אַלע פאָסטעמקעס זיינען איר דערווידער. זי האָט אים פיינט. זיין נאָמען איז ניט שעפּסל, נאָר וואָלף!... און אַז דער אַנקל איז איר געוואָרן אַ שונא פון דער ערשטער מינוט, וואָס ער האָט איר איבערגעגעבן דעם סם־המות׳דיקן פּאַפּיר וועגן דער ירושה...

אַ פּאָר טעג איז אַריבער שטיל. די פריינטשאַפט צווישן דעם אַנקל און דער פלימעניצע האָט זיך אַזוי צעוואַרעמט, מען האָט זיי געזען ארומשפּאַצירנדיק, ווי טייבעלעך, איבער דער גאַס. אָבער דאָס האָט בלויז אָנגעהאַלטן אַ פּאָר טעג און ס׳האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט צווישן זיי דאָס זעלביקע בייזע שפּיל. אָנ־געפאַנגען האָט זיך דאָס פון אַ קליייניגקייט: ער האָט געפונען אַ בלודנע קעצל אויף דער גאַס. ווי נאָר ער האָט ארויפגעטראָגן דאָס קעצל אין הויז, האָט דבורה קרום אַ קוק געטאָן אויף אים... נאָר ווען דער אַנקל האָט מיט ציטערדיקע הענט געגאָסן פון דער פלאַש מילך אין דעם קליין טעצעלע און די מילך האָט זיך פאַרשפּריצט אויפן דיל... האָט זי כמעט ווי ארויסגעריסן די

פלאַש פון זיינע הענט און געזאָגט: „לאָזט, אָנקל, וועל איך אריינגיסן דאָס מילך", און דעם קעצל האָט זי פאַרשליידערט מיטן פוס. דאָס קעצל האָט זיך צעיענטשעט ווי אַ קראַנק קינד.

— מרשעת! — האָט דער אָנקל אַ ברום געטאָן, און ער האָט דאָס פלאַש אַ שליידער געטאָן צו דער וואַנט.

דבורה איז ניט ארויס פון איר שלאָפצימער. אירע צוויי זין האָבן זיך געקירעוועט הין און צוריק, דער מיט אַ גלאָז וואַסער, דער מיט פילן. נאָר דוד, איר מאַן, איז געזעסן רואיק אין קיך ביים פענצסטער; ס'איז געווען קענטיק, אַז דער כעס קלייבט זיך ביי אים געדיכט און שווער.

דער אָנקל, ווידער, איז געזעסן פאַרקייטלט אין זיין צימער. ער האָט געזשליאָקעט בראָנפן גלייך פון פלעשל. ער איז געזעסן אויפן בעט און האָט צעטומלט און שלעכט געטראַכט וועגן זיין פלימעניצע דבורה. ער האָט איר, אין זיינע אינגערע יאָרן, ליב געהאַט, און דאָס וויטע נאָכדענקען וועגן איר האָט דאָס אים געטריבן מיט אַזאַ איינגעשפאַרטער קראַפט, ביז ער האָט אָפגע־שריבן זיין גאַנץ פאַרמעגן אויף איר. און ער האָט זיך פאַנאַנדער־געוויינט אויפן קול...

אויף מאָרגן, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שווערן, צעפלאָנטערטן שלאָף, האָט ער געפונען זיין טשעמאָדאַן אַן אָנ־געגרייטן . . . און דעם ירושה־פּאַפּיר אויסגעשפרייט...

## אַליין דער שדכן

זאַוול דער סטאָליער האָט זיך ארומגעוואַשן, צוגעקאַמט און צוגעשוירן זיין גרויע באָרד. ער האָט אָנגעטאָן זיין שוואַרצן האַרטן קאַפּעליוש, וואָס איז געשטאַנען ווי אין דער לופטן אויף זיין קאָפּ. ער האָט איבערגעוואויגן אויף זיינע פינגער דאָס גראָבע שווערע גאָלדענע קייטל, וואָס איז געווען פאַרצויגן איבער דער גאַנצער ברייט פון זיין וועסטל. און שטייענדיק ביי דער טיר, האָט ער זיך גע'ישוב'ט, צי ער זאָל צוגיין צו טעמען...

ער וועט ארויפגיין, ער איז ניט קיין אינגעלע, קיינער דאַרף אים ניט פּיקן די צונג...

אמת טאַקע, ס'איז ערשט צוויי חדשים, אַז זיין ווייב שרה איז געשטאָרבן. אָבער דאָס וואָס די ערד דעקט־צו מוז מען פאַר־געסן. און דוקא ווייל ער איז אויף דער עלטער, מוז ער האָבן אַ היים. ער וויל ניט זיין ביי זיינע קינדער, כל זמן ער האָט נאָך אַ שליטה איבער דער זעג און האַק...

ווען ער האָט זיך אויסגעגלייכט מיט דער טיר, וואו טעמע האָט געוואוינט, האָט ער אָפּגעוואַרט, ביז דער אָטעם איז אים שטילער געוואָרן... ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, ווי עס קלאַפּט אָן אַ גוטער באַקאַנטער, אַ פריינט...

ווען די טיר האָט זיך געעפנט, און טעמעס עלטסטע טאָכטער האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט, האָט זאַוול זיך דערפילט אָפּ־העטיק, ווי דאָס לשון וואָלט אים ניט געסטייעט. טעמעס קול האָט אים אַביסל צו זיך געבראַכט.

— וואָס שטייט איר ביי דער טיר? זעצט זיך ביים טיש. איך וועל אייך טראַקטירן מיט אַ גלעזל טיי.

זאַוול האָט זיך געזעצט ביים טיש. פאַר אַ ווײַלע האָט ער

באטראכט די מענשן, וואָס זיינען געזעסן און געשמועסט צווישן זיך. זייערע רייד האָבן זיך צו זאַוולס קאָפּ ניט געקלעפּט...

זאַוול האָט געוואָלט ריידן צו טעמען, אָבער עס איז אים געווען שווער. האָט ער געטרונקען איין גלאָז טיי נאָכן צווייטן און מיט אַ פינגער פון זיין האַנט האָט ער צוגעקלאַפּט אויפן טיש... טעמען האָט דאָס געמאַכט צו שמייכלען, און זי האָט געהאַלטן אין איין צוגלעטן דאָס פאַרטוך אויף זיך... אירע קינדער און די פרעמדע מענשן האָבן איינגעהאַלטן געשמייכלט.

אָפּגעטרונקען די טיי, האָט זיך זאַוול אויפגעהויבן און אַ קוק געטאָן אויף טעמען מיט אַן אויסדרוק: נישקשה, זי וועט זיין אַ גוטע באַלעבאָסטע... ווען טעמע האָט אים צוגעפירט צו דער טיר, האָט זאַוול טעמען אריינגעשעפּטשעט אין אויער, אַז ער וועט קומען זי זען דאָנערשטיק נאַכט.

די פּאָר טעג ביז דאָנערשטיק איז אים טעמע ניט ארויס פון זינען. ער האָט געמאַכט פאַרשיידענע פּלענער. ער האָט אַפילו געטראַכט, אַז ער וועט מיטנעמען די צירונג, וואָס זיין פאַרשטאָרבן ווייב, שרה, האָט אים איבערגעלאָזט נאָר ווען ער האָט אָפּגעשלאָסן דאָס שווערע קעסטל, האָבן פּאַר אים אַ שיין געטאָן די צוויי איינגעפּאַסטע דימענטלעך אין די אויריינגלעך, ווי צוויי קינדערשע טרערן... און דער גאָלדענער מעדאַליאָן מיטן אויסגעקריצטן אידישן נאָמען שרה בת...

זאַוול האָט דאָס קעסטל צוריק פאַרשלאָסן און ער איז געבליבן שטיין מיט אַ שווער האַרץ און פאַרשולדיקט...

נאָר אין אַ ווײַלע ארום האָט ער זיך אַליין גוט אויסגעשטראָפט: וואָס פאַר אַ מתנות דאַרף ער? זאָל ער אקאָרשט טרעפן טעמען אַליין, וועט ער שוין וויסן וואָס צו ריידן. ער וועט איר אויפווייזן, אַז זי דאַרף זיך ניט קווינקלען. זאַוול איז נאָך אַ מאַן מיט ביינער...

זאַוול האָט געהאַלטן וואָרט: דאָנערשטיק איז ער ארויף צו טעמען. און אויף זיין מזל האָט ער זי געטראָפן איינע אַליין אין

הויז... האָט ער זיך דורכגעשפּאַצירט איבער די צימערן מיט פאַרלייגטע הענט און האָט אַפילו צוגעברומט אַ ניגונדל...

טעמע האָט געדעקט דעם טיש אין זאַל. זי האָט זיך אָפּגע־רופן צו זאַוולען:

— זעצט אייך. נעמט אַ שנאַפּס. ס'איז גוטע שטאָף — אַלט און איינגעשטאַנען...

זי האָט אָנגעגאָסן צוויי קעלישקעס בראַנפן. זאַוול האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אויף טעמען... זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ אַטלעסן קלייד, מיט גרויסע גלעזערנע קנעפּ. זאַוול האָט פּאַר גליק איבערגעקערט דאָס גלעזל אין מויל אריין, אַז קיין טראָפּן איז ניט געגאַנגען פאַרלוירן... ער האָט אַ טראַכט געטאָן: אַ פיינע אַסאַבע! אַ געשטעל!... און ווען ער האָט אויסגעטרונקען צוזאַמען מיט טעמען דאָס צווייטע גלעזל, האָט ער שוין כמעט געטראַכט אויפן קול:

יאָרן ציילן זיך ניט. איצט איז די רעכטע צייט צו פירן אַ לעבן... די קינדער אויסגעהאָדעוועט, אויסגעגעבן. ער וועט נאָך אויסבויען אַ הויז אין אַ קליין שטעטל. גענוג זיך ארומגעטומלט אין דעם סמבטיון ניו יאָרק!...

ווען דאָס פלעשל בראַנקפן איז שוין געווען האַלב־אויסגע־טרונקען, און זאַוול און טעמע זיינען שוין געזעסן איינער לעבן אַנדערן פארשנאַשקעט, האָבן זיי זיך געהאַלטן פאַר די הענט. זיי האָבן זיך אַפילו אָנגערירט מיט די באַקן. נאָר ווען זאַוול האָט זיך אָנגעבויגן צו טעמען און איר אַ זאָג געטאָן הייס און נאָענט: „טעמעשי, לאָמיר חתונה האָבן", האָט זיך טעמע ראַפּטאָם אויפגעשטעלט:

— וואָס??? די ערד האָט זיך נאָך ניט אָפּגעקילט פון אייער שרהן... שעמען מעגט איר זיך צו ריידן אַזוי!

זאַוול האָט איר איבערגעשלאָגן:

— וואָס איז די נפקא מינה, טעמע־לעבן, אַ טאָג, אַ חודש, צי טויזנט יאָר? שרה איז געשטאָרבן, און זאָל זי זיין אָפּגע־

שיידט פון אונז. וואָס טיטשעט איר מיך, טעמע? ס'וואָלט גע־פּאַסט, איך זאָל זיין דער שולדיקער.

— שווייגט אַ ווײַלע, זאַוול! איר זיינט אַלע שטילע פייגע־לעך... איך זע ניט איין די גוטע מערכה וואָס אייער שרה האָט ביי אייך געהאַט... זי האָט געגוג געפּאַקוטעוועט, איידער זי האָט אויסגעהאָדעוועט אַזעלכע בריליאַנטענע קינדער, און איר קאָפּ דאַרף ליגן אין דר'ערד. — דערביי האָט זי געגעבן אַ לאַנגן פאַלשן זיפץ. — שעמט זיך ניט, זאַוול, איר זיינט שוין אַן אַלטער מאַן... אַ סך גלייכער וואָלט פאַר אייך געווען איר זאָלט בלייבן וואוינען ביי אייערע קינדער, ניט זיך נאַריש מאַכן און אַ צווייט מאָל חתונה האָבן...

— טעמע, טעמע! — האָט זי זאַוול אַ כאַפּ געטאָן פאַר דער האַנט. ווייל זי האָט אים אַזויפיל ארייגעזאָלצן, האָט ער זיך דער־פילט מוטיק און ער האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן... — וואָס מיר קינדער־שמינדער! — האָט זאַוול געפייערט — ווען זיי זיינען נאָך קליין, איז נאָך צו דערליידן. ווען זיי ווערן גרעסער, איז דער טאַטע ביי זיי אַ וויזל־טיר, די מאַמע — אַ גרינגע חיה. ס'איז אַמעריקע! אַ פרעמדע וועלט פאַר אונז. פאַלגט מיך, טעמע, גייט איין אויפן שידוך. עס וועט אייך גאָר ניט פעלן ביי מיר. איך פיל זיך ניט אַלט און איר געפעלט מיר. איר זעט אויס צו זיין אַ ווירטין.

איבער טעמעס פּנים איז איבערגעגאַנגען אַ שמייכל פון זאַוולס גוטע, וואַרימע, פּראָסטע רייד... זי האָט אָנגעגאָסן אַ קעלישעקל בראָנפן און האָט געזאָגט צו זאַוולען: „לחיים"... זי האָט אויף אים געקוקט און געטראַכט: ער איז נאָך אַ שיינער איד, ווען ער טוט זיך אָן יום־טוב'דיק... נאָר דעם האַרטן ענגן קאַפּעליוש וועט ער ביי מיר ניט טראָגן. און וואָס, אַשטייגער, קאָן איך דאָ איינ־שטעלן? שוין ניט קיין יונג מיידעלע... ווער ווייסט ווי לאַנג עס איז מיר באשערט צו לעבן...

און זאַוול, כאָטש ער איז שוין געווען שטאַרק אונטערן גלעזל, האָט באמערקט, ווי טעמע איז שטילער געוואָרן, און אירע באַקן האָבן זיך הייס געפאַרבט... איר מויל איז איינגעטונקען געוואָרן ווי אין פּריסעק. האָט ער זיך אויפגעהויבן פון שטול, האָט ארויס־געצויגן פון זיין סורדוט אַ רויטע פאַטשיילקע מיט העלע בלומען; און טעמע, ווי אַ יונג מיידל, פאַרשעמט און באשיידן, האָט אָנ־גענומען דעם צווייטן ברעג פון דער פאַטשיילקע...

# אַ שלאָף טרונק

אינמיטן שלאָף האָט אים אויפגעריסן אַ צאָן־ווייטיק. זימער האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און ברייט פאַנאַנדערגעמענדיק דאָס מויל, צעטומלט געקוקט אין שפּיגל. ער האָט זיך ניט דערקענט. די האָר פון זיין קאָפּ צעשויבערט, ווי זיי וואָלטן זיך דערשראָקן אָן זיין וויסן, אָדער פון זיינע שווערע חלומות. ס׳איז קענטיק אויף זיינע אויגן: זיי גליען, צעמישט און פאַרוואונדערט. איין באַק איז אים געשוואָלן ווי אַ קישן. דאָס מויל אויסגעדרייט, אַז ער קאָן די שפּייעכץ ניט איינהאַלטן. ער האָט ארויסגענומען פון שופלאָד צוויי ריינע נאָז־טיכלעך, זיי צוזאַמענגעבונדן און ער האָט אריינגענומען שטייף אין זיי זיין פּנים. אויפן קאָפּ האָט ער גע־מאַכט צוויי שטייפע קניפּ, און ער האָט דערפילט בשעת מעשה גרינגער. ער האָט צוריק אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ און זיך אריינ־געלייגט אין בעט. זיין פּנים האָט געהיצט, דער קאָפּ האָט אים געטראָגן און זיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט פאַר קעלט.

— וואָס אַ נאַרישער צאָן קאָן מאַכן פון אַ געזונטן מענטשן! מען מוז אים ארויסנעמען! — האָט ער ביטער גע־טראַכט. ער וואָלט איצט זיך גלייך אָנגעטאָן און דעם דאָקטאָר פון בעט אויפגעריסן. ער האָט אַלע ציין, וויסע, גלייכע — וואָס פאַר אַן אומגליק האָט זיך דאָס פּלוצים צו אים גענומען?... ער האָט צוגעדריקט זיין פאַרשוואָלענע באַק צום קישן.

אין מויל האָט אים אַ טעמפּער ווייטיק געשניטן און געהויבן פון בעט. — ס׳איז ניט קיין נאַכט! אַ יאָר! אַן אייביקייט!...

ער איז ווי אַ ווילדער אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און מיט ביידע הענט, אריינגעמענדיק זיין פּנים, האָט ער געשפּאַנט פון איין וואַנט צו דער צווייטער. — אפשר וועט העלפן אַ פּאַפּיראָס?

ער האָט פאַררויכערט. זיין מויל האָט אָנגעצויגן רויך ווי אַ באַנקע. צוריק איז דער רויך ארויס פון זיינע פארשוואָלענע ליפּן גרינלאך, ווי דער רויך אַליין וואָלט קראַנק געוואָרן פאַר ווייטיק...

דער ווייטיק האָט זיך נאָך מער צעשפּילט: שאַרפע גאָדלען האָבן געשטאָכן, און דער גומען און די יאַסלעס זיינען ווי מיט צוואַנגען געוועזן אָנגעצויגן. ער איז ארומגעלאָפן איבערן צימער ווי משוגע. ער איז צוגעגאַנגען צום קראַן און האָט אָנגענומען אַ פול מויל הייס וואַסער. ער האָט געשווינקט די יאַסלעס מיט אַלקאָהאָל, די צונג האָט ער פאַרברענט, און די יאַסלעס זיינען פאַרגליווערט געוואָרן ווי האָלץ. אויף אַ ווילע איז דער ווייטיק אַוועק. דערנאָך האָט זיך דער ווייטיק אויפגעכאַפּט מיט מער פרישקייט. — ער האָט זיך געוואונטשן עס זאָל אים ווער טאָן אַ פוס, אַ האַנט, אָבער ניט די ציין, וואָס רירן אים פון זינען.

ער איז צוגעגאַנגען צום בעט און זיך אַ וואַליע געטאָן מיטן פּנים אַראָפּ. — אָ ווען ער קאָן דעם קישן אריינשטופּן אין מויל, דאָס בעט! דאָס הויז!... ער האָט געריסן פון זיך דאָס פליש, כדי צו פילן אָן אַנדערן ווייטיק — ווייל די יסורים, וואָס האָבן אָנגעצונדן זיין מויל, ווי אַ שרפה, וועט ער ניט אַריבערטראָגן.

נאָר ווען די צוויי פענצטער פון זיין צימער האָבן זיך דין געגומען בלויען פון פרימאָרגענדיקייט, האָט זימער איינגעשפּאַנט אַלע זיינע כחות צו ליגן רואיק. דער נייער טאָג, וואָס האָט פון מינוט צו מינוט זיך געקלאָרט, האָט אָנגעווייעט אויף אים מיט האָפענונגען... ער האָט אַפילו געפּרואווט זיך דערמאָנען פריי־לעכע איבערלעבונגען, אָבער די פריילעכע איבערלעבונגען האָבן זיך בשום אופן ניט געוואָלט האַלטן אין זיין זכרון. דער ווייטיק האָט געבויערט און די צונג איז געלעגן פאַרטרונקען אין שפּייעכץ. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון בעט. אין צימער איז געווען ליכטיק. אין גאַס האָט שוין געטומלט פון וועגענער, גרויסע מענטשן און קינדער. זימער האָט שנעל אויף זיך ארויפגעצויגן

די זאַכן, מיט דעם באשלוס, אַז עס זאָל געשען מיט אים וואָס ניט איז, ער וועט אריינגיין צו אַ דאָקטאָר...

ווען ער האָט אָנגעקלונגען אין טיר פון דענטיסט און ער האָט דערהערט דראָבנע גרינגע טריט, האָט אים אַ ציטער געטאָן אין האַרצן. די טיר האָט זיך געעפנט און ס'האָט זיך באוויזן אַ יונג מיידל אין ווייסן אָנגעטאָן, אַ שמייכלענדיקע און אַ דופּטיקע. און אַ קוק האָט זי געטאָן אויף אים מיט אַזוי פיל גוטסקייט און ליבשאַפט, אַז זימערן האָט זיך געדוכט, אַז ווען זי קוקט אויף אים נאָך אַ ווײַלע, וועט מען אים דאַרפן אריינפירן פאַרן האַנט צום דאָקטאָר...

אין אַ ווײַלע ארום איז ער שוין געזעסן אריינגענומען אין אַ לעדערנעם שטול. ער האָט אַפילו ניט געזען דעם דאָקטאָר. ער האָט נאָר געהערט טריט ארום זיך. מען איז געגאַנגען ווי אין אַ שטילן טאַנץ...

דערנאָך האָט ער געפילט ווי מען האָט ארויפגעטאָן אויף זיין פּנים אַ גומענע מאַסקע. און די מיידל מיט איר זינגענדיקער שטים האָט אים געהייסן צוזאַמענפלעכטן די פינגער פון זיינע הענט. זי האָט געציילט איינס, צוויי, דריי, עס האָט אים פאַר־פעלט אָטעם. ער וויל זיך אויפהויבן פון שטול, זיך באפרייען. ער האָט שטאַרק חרטה... אָבער אין זיין קאָפּ איז אַ טומל, שוואַרצע גרויסע פליגל רוישן. ער איז אַוועקגעשוואומען, ער האָט זיך אויפגעהויבן אין דער לופטן. ער זעט דעם דאָקטאָר: אַ גרויסער, אַ דיקער מיט אויסגעקערטע אויגן ראַטשעט אויף אים. ער האַלט אָנגעצילט אַ צווײַנגל קעגן זיין מויל. פּלוצים האָט דער דאָקטאָר זיך ארויפגעוואָרפן אויף אים מיט זיין גאַנצער שווערקייט. זימער סאַפּעט, ער צאַפּלט מיט די פיס, זיין געשריי איז פאַרשטיקט, ווי אַ באַרג ליגט אויף אים. אָבער זימער גורט אָן אַלע זיינע כחות און ער שליידערט אָפּ פון זיך דעם דאָקטאָר. און פאַר כעס כאַפּט ער די מיידל אין ווייסן, ער רייסט פאַנאַנדער

איר מויל און מיט דער צווייגל רייסט ער איין צאָן נאָכן צווייטן. נאָר מאָדנע, ביי יעדן צאָן, וואָס ער רייסט איר ארויס, ציט עמיצער ווי מיט שטריק אויף צוריק און שאַרפע בליצן שיסן פון זיינע אויגן. ער וויינט אין שלאָף פאַר חרטה. —

ווען זיין געשריי האָט זיך אַ באַפרייטער ארויסגעריסן און ער האָט געעפנט די אויגן, איז קעגן אים געשטאַנען דער דאָק־טאָר מיט ליכטיקע הענט און מיט אַ שמייכל אים בארואיקט: „ס'איז שוין אַלץ אַריבער"... און די מיידל אין ווייסן האָט ווייך און גלעטנדיק געוואַשן זיין פנים.

# פון פעלד אין שאָפּ

זעקס אַזייגער אינדערפרי האָט דאָס קליינע וועק־זייגערל, וואָס איז געשטאַנען אויף צוויי אייזערנע, קרומע פיסלעך, זיך צעקלונגען. אין דער דינער פאַרגייענדיקער קלינגעניש איז געווען אַ וואָרנונג...

שליימקע האָט אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט, וואָס איז געווען דורכגענומען אי מיט שלאָף, אי מיט דערוואַכונג... די אויסגעשטרעקטע האַנט, ווי אַן זיין פולן ווילן, האָט אַ דריי געטאָן אַ שרייפל אויף דער הוילער פלייצקע און דאָס זייגערל האָט זיך איינגעשטילט.

שליימקע איז מיט שטילע טריט צוגעגאַנגען צו דער בעט וואו איטשע, זיין ברודער, איז געשלאָפן. ער איז געשטאַנען און געקוקט אויף זיין ברודערס פנים: אַ פרימאָרגנדיקע, פרישע רויטקייט אויף די באַקן. און דאָס אָטעמען זיינס האָט געשלאָגן יונג און וואַרעם. חרטה און פרייד האָבן אים באהערשט.

חרטה האָט שליימקע געהאַט וואָס ער האָט אַריבערגענומען זיין ברודער פון דער אַלטער היים, וואו איטשע האָט זיך געהאָדעוועט אויף פעלדער. די זון, די ווינטן האָבן אַזוי פאַרהאַרטעוועט זיינע ביינער און דאָס פנים אָנגעגאָסן מיט אַ רויטקייט ווי אַן אויפגעשניטענער קאַוואָן. און זיין געמיט איז פּראָסט און שטיל... און אַ פרייד האָט שליימקען באהערשט, וואָס זיין ברודער האָט אין זיך איינגעזאַמלט אַזוי פיל כחות. איבער די ברעגן איז ער אָנגעגאָסן מיט גבורה. דאָ, אין אָט דעם לאַנד, דאַרף מען דאָס האָבן...

שליימקע האָט געוועקט איטשען, און אַז דאָס וועקן האָט ניט געהאָלפן האָט שליימקע אים געטאָרעט פאַרן אַקסל...

איטשע האָט פּאַמעלעך געעפנט די אויגן און האָט געקוקט

אַ ווײַלע אויף שלײמקען פֿאַרוואונדערט. און ווען ער האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט פֿון בעט האָט דער דיל אַ ציטער געטאָן, און אַ נאָכקלאַנג ווי פֿון אַ קאַמערטאָן האָט זיך דורכגעטראָגן איבערן צימער.

זיי זײַנען ארויס אין גאַס אַקסל־צו־אַקסל. אין דער וואָך צײַט וואָס איטשע וואוינט אין דעם כרך ניו יאָרק האָט ער זיך שוין צוגעוואוינט צום טומל. ער שטעלט איצט די טריט אויפֿן טראָטואַר מיט אַלע מאַרשירנדיקע אַרבעטער. ער איז איבער־געפּילט מיט דערוואַרטונג... דעם ערשטן מאָל אין שאָפּ. ער שטעלט זיך פֿאָר, אַז דאָס מוז זײַן אַ גרויס הויז מיט אומגעלומ־פּערטע מאַשינען. ער איז ניט קיין שרעקעדיקער, דאָך די דער־וואַרטונג, אַז ער וועט ארויפֿגיין אין שאָפּ, האָט זײַן האַרץ גע־מאַכט צו קלאַפּן הויך ווי אַ פּויק. צום גליק, האָט איהם שלײמקע גערופֿן אין אַ רעסטאָראַן. אין רעסטאָראַן זײַנען אין לאַנגע שערײַנגעס געהאַנגען אָנגעצונדענע לאָמפּן, וואָס האָבן אויסגע־קוקט בײַ איטשען ווי ליכטיקע קירבעסן. טישלעך גלאַנציקע, גליטשיקע האָבן זיך געצויגן אין גלײַכע רייען. שטולן בײַ די טישלעך.

שלײמקע און איטשע האָבן זיך געזעצט איינער אַנטקעגן אַנדערן. זיי האָבן געשמייכלט ווי לײַבלעכע ברידער, און אויך ווי צוויי מענטשן וואָס האָבן זיך געטראָפֿן דאָ אין רעסטאָראַן צו פֿאַרהאַנדלען וועגן געשעפֿט.

שלײמקע האָט אַרײַנגעקוקט אין אַ פּאַפּיר, וואו עס זײַנען אויסגעשריבן די מאכלים מיט בלויע טינט. איטשע האָט דער־ווייל געקנײַפּט די געפּלאָכטענע, טרוקענע זעמעלעך. זיי האָבן קליינע געשרייעלעך ארויסגעגעבן אין זײַנע הענט, און אין צוויי ביסן איז אַ זעמל ניט געוואָרן...

— וואָס ווילסטו עסן? — האָט שלײמקע געפֿרעגט איטשען.

— אַ פֿאַנקוכן, אַ פּאָר קאַרטאָפֿל אין די שאָלעכץ, אַ שטיקל הערינג, אַ גלאָז מילך אָדער אַ גלאָז טיי און דאָס וועט זײַן גענוג?

שליימקע האָט דערביי איינגעהאַטלן אַ לאַך געטאָן...

ווען איטשע איז ארויף אין שאַפּ איז ער אַביסל צעטומלט געוואָרן. שטיל איז געווען אין שאַפּ ווי אין אַ גרויסער שטאַל פון וואַנען מען האָט די פערד ארויסגעפירט.

אין אַ ווײַלע ארום האָט אים שליימקע צוגעטראָגן אַ פּאַר־טוך. דאָס פּאַרטוך איז געווען פּאַרפלעקט, און אַ פּאַרדומפּנקייט פון מענטשלעכער פּראַצע און דער גערוך פון שאַפּ האָט זיך פון אים געטראָגן. קעלטעלעך, ווי אין אַ הערבסטיקן פרימאָרגן, זיינען איבער איטשעס לייב דורכגעגאַנגען...

עס האָבן גענומען אָנקומען די אַרבעטער. שליימקע האָט אָנגעצונדן די לאָמפּן. ער האָט געלאָזן לויפן די ניי־מאַשינען. אַלע אַרבעטער האָבן זיך אויסגעשטעלט ביי די לאַנגע טישן אָנגעטאָנענע אין די פּאַרטיכער. און ווען זיי האָבן געקאַשערט די אַרבל פון זייערע הענט, האָבן זיי נייגעריק געקוקט אויף איטשען.

איטשע האָט עס שאַרף געפילט און ער האָט געהאַלטן אַביסל אַראָפּגעלאָזן די אויגן... ער איז געשטאַנען אין מיטן שאַפּ צע־טומלט און פאַרלאָזן.

שליימקע האָט אַ קלונג געטאָן מיט אַ גלעקל און אַלע אַר־בעטער ווי איינער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן איבער די טישן — און איטשע צווישן זיי.

# דער ווײַן שפּילט

ווען סערטשע האָט דערזען אַרטשען, איר מאַן, אַרײַנקומענ־דיק מיט די קעסטלעך ווײַנטרויבן אין שטוב, האָבן אירע בלויע אויגן אויפֿגעפֿלאַמט מיט בײַזקייט. אַ גליק, וואָס אין טיר האָט זיך דאַן באַוויזן זײַן פֿרײַנט, דער איטאַליענער, מיט אַ פֿעסל אויף די אַקסלען. און ווען סערטשע האָט געזען ווי בײדע מענער האָבן זיך געגוואַדזגעט מיט די ווײַנטרויבן, האָט זי אײַנגעהאַלטן איר כעס... מיט פֿאַרביסענע ליפּן איז זי מיט אַ נאַסער שמאַטקע אין האַנט אַרומגעגאַנגען און געווישט די ווענט וואָס זײַנען געווען פֿאַרשפּריצט מיט דעם סאָק פֿון די ווײַנטרויבן...

שלאָפֿן איז זי אַוועק אַן אָנגעלאָדענע ווי אַ ביקס — פֿאַר־מאַכט הינטער זיך די טיר מיט אַ קלאַפּ...

אַרטשי איז דאַן צוגעגאַנגען צום פֿעסל און אויפֿגעדעקט דאָס טישטוך: אויפֿגעריסענע ווײַנטרויבן זײַנען אַרומגעשוואומען. אַרטשע האָט געטראַכט: ניט לאַנג זײַנען זײ געהאַנגען אויף די נידעריקע ביימלעך, גאַנצע זשמעניעס, פֿולע, לײַנגלעכע אָנגע־זאָפּט מיט סאָק צוגעטוליעט באַק צו באַק. מען האָט זײ אַראָפּ־געשניטן פֿון די צווײַגן, פֿאַרפּאַקט אין הילצערנע קעסטלעך, זײ צעפֿירט איבער אַלע מערק. — ווען ער האָט זײ געקוועטשט און געטאָפּטשעט איבערן פֿעסל, האָט זײער סאָק איבער זײַנע הענט געראַנען. און די פּיצענקע האַרטע יאָדערלעך האָבן ווי געביסן זײַנע פֿינגער... „עס וועט זײַן גוטער ווײַן", האָט ער אַ מורמל געטאָן. ער האָט צוגעדעקט דאָס פֿעסל מיטן טישטוך און אַלס צוגאָב אַרויפֿגעלײגט אַ קישן...

פֿון דער אַרבעט איז אַרטשע אַרײַן אין הויז מיט אַ הויכן „העלאָ!", געשמייכלט צו זײַן ווײַבל.

— וואָס עפּעס פּלוצים אַזוי פֿרי? איך האָב נאָך ניט פֿאַר־טיק קײן עסן.

— אַ דאגה, איך קען וואַרטן! דאַרפסט אפשר עפּעס האָבן פון גאָס, וועל איך ארויפטראָגן.

— אַרטשע! וואָס ביזטו עפּעס פלוצים אַזוי גוט געוואָרן? דו ווייסט, נישקשה, ווי שווער איך אַרבעט איידער איך ברייננ דאָס הויז אין אָרדענונג — האָסטו, מיך ניט פרעגנדיק, אַרייַנ־געשטעלט אין הויז די טשוטשעלע... (האָט זי אָנגעוויזן אויף דעם פּעסל).

— נאַרעלע, זאָלן מײַנע שונאים שטיין אַזוי לאַנג אויף זייערע פיס, ווי לאַנג דאָס פּעסל וועט שטיין דאָ. ווי נאָר דער ווייַן וועט אָנפאַנגען שפּילן, וועל איך איבערגיסן דעם ריינעם ווייַן אין אַ קליין פּעסל, און אַ פאַר'חתמ'עטע, אַ פאַרקאָרקעוועטע, וועל איך דאָס פּעסעלע ארויסשטעלן אויפן באַלקאָן. און ווען דער פראָסט וועט דעם ווייַן גוט אַדורכנעמען, וועלן מיר טרינקען דעמאָלט וויפיל אונזער האַרץ וועט גלוסטן... — דערווייל מאַך עפּעס אַ לייכטן בייס, עס ווערט שפּעט. איך וויל נאָך גיין מיט דיר זען אַ גוטע בילד, עס שפּילט דאָ אין די „קווינס".

— ליבערשט לאָמיר זיך דורכגיין. איך זע ניט אָן די ליכ־טיקע וועלט. טאָמער גיי איך אַמאָל ארונטער אויף אַ מינוט, לאָזן מיך ניט אָפּ די שכנות: וואו איז אייער מאַן? און איך, דער נאַר, כדי צו ריינוואַשן מיין ליכטיקן מאַן, זאָג ליגנס: מיין מאַן אַרבעט שפּעט. מיין מאַן איז אויף אַ מיטינג.

— ווייסטו וואָס. — האָט אַרטשע איבערגעריסן איר שטראָם רייד: — לאָמיר גאָר אַראָפּגיין אין אַ רעסטאָראַן...

סערטשע האָט אַ שמייכל געטאָן: — זאָג מיר, מיין באַ־שיצער, האָסט געוויאונען דאָס גרויסע געווינס? וויפל אַשטייגער קאָסט דיר די טשוטשעלאָ אין ווינקל? מענער! מענער! אויף ציגאַרן, אויף ווייַן, האָבן זיי געלט. און אויף עפּעס אין הויז קען מען ביי זיי ניט ארויסרייסן מיט צוואַנגען...

זיי זיינען אַראָפּ אין גאָס. אַרטשע האָט איר געהאַלטן גע־אָרעמט. און סערטשע האָט זיך לייכט געטוליעט צו אים, פאַר־

פירעריש אריינגעקוקט אים אין די אויגן... — זיי זיינען אריין אין דער ברייטער ליכטיקער עוועניו. סערטשע האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ וויטרינע. אין דער גרויסער וויטרינע זיינען געשטאַנען נאָכגעמאַכטע, אויסגעטאָקטע פּיס, מיט אויסגעפּאַסטע לאַנגע זיידענע זאָקן אויף זיי. ס'האָט אויסגעקוקט, אַז דורך די זאָקן האָט זיך געזען און ווי געאָטעמט יונגע, שלאַנקע, לעבעדיקע פּיס. — ווייסט, אַרטשע? מיין גאַנץ פאַרמעגן איז צוויי פּאָר זאָקן. ווייטער איז אַלץ צעריסן.

— קויף, אַז דו דאַרפסט! — האָט אַרטשע געזאָגט.

זיי זיינען אריין אין געשעפט. אַ פלינקער, אויסגעפּוצטער יונגערמאַן איז זיי אַנטקעגן געקומען מיט אַ גרינגן שמייכל: — מיט וואָס קען איך אייך דינען, מיין הערשאַפט?

אַרטשע האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק, ווי דער געשעפטס־מאַן האָט געהאַלטן אין איין עפענען שאַכטלעך, געצויגן פון דאָרטן אויסגעהאָפטענע אונטערקליידלעך, זיידענע וועש, דין געוועבטע טיש־סערוועטלעך. ווען ער האָט באַצאָלט דעם געשעפטס־מאַן האָט זיך אים לייכט געדרייט דער קאָפּ.

קומענדיק צוריק אין הויז, האָט אַרטשע דאָס שאַכטל אַ לייג געטאָן אויפן טיש און האָט גלייך גענאָענט צום פעסל, אַראָפּגענומען דאָס קישן, די טישטוך, אריינגעקוקט אין פעסל, געזוכט אַ סימן צי דער ווין שפילט שוין... געהאַלטן צוגענויגט דעם אויער, ווי אַ געניטער דאָקטאָר... אים האָט זיך געדוכט אַז ער הערט אַ שטילן ווייטן ברומען... דערנאָך האָט ער מיט אַ קאָכלעפל אָנגעשעפּט פון געמייזאכץ, וואָס עס האָט זיך איבערגעגאָסן ווי טונקל־בלויע טינט אויף די ראַנדן פון לעפל. ער האָט פאַרזוכט, באַהעפט זיינע ליפּן, די צונג האָט געטאַפּט דעם גומען... זיינע אויגן האָבן זיך אַפילו צוגעזשמורעט, אָבער קיין טעם, קיין וואונק פון ווין... ער האָט זיך אָפּגעבויגן פון פעסל, פאַרדעקט גיך מיטן טישטוך, מיטן קישן, עס זאָל ניט כאַפּן קיין צוג...

— נשמה'לע מיינס! עס גייט אַלץ אויף אַ לאַד. אַ ליאַדע

טאָג וועט דער ווײַן אָנהייבן שפּילן. — איך האָב פּאַרזוכט דעם זאַפּט און עס שמעקט שוין מיט ווײַן...

אויף מאָרגן נאָך דער אַרבעט האָט אַרטשע געבראַכט צו זיך אין הויז זיין פריינט, דעם איטאַליענער. דער איטאַליענער האָט אויסגעטאָן דעם מאַנטל, דאָס רעקל, די הוט, האָט פּאַר־קאַשערט דעם אַרבל און מיט אַן ערנסטן פּנים, ווי אַ גרויסער מומחה, איז ער צוגעגאַנגען צום פעסל... ער האָט אַ מיש געטאָן טיף מיט דער הוילער האַנט, געשמאַקטשעט איין פינגער, געזויגן אַ צווייטן... געשוויגן אַ ווייל פאַרטראַכט, האָט ער פלוצים ברייט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט אין דער הויך: עס וועט זיין זייער גוטער ווײַן. נאָר דאָס פעסל דאַרף מען מער איינדעקן — עס מוז זיך זייער גוט אויסוואַרימען איידער דער ווײַן שפּילט. אויך, ווען דו וועסט איבערזייען, איבערגיסן אינם קליינעם פעסל, גיב אַכטונג ניט פול אָנגיסן... — דער קאָרעק וועט ארויסשיסן. דאָס פעסל קען צעשפּרונגען ווערן... — אַזאַ כח האָט דער ווײַן ווען ער בושעוועט... — אין אַ פּאָר וואָכן ארום זאָלסטו אָפּקאָרקעווען דאָס פעסל, צולייגן צו דער עפענונג אַ שוועבעלע, און אויב דאָס פייערל לעשט זיך ניט אויס, איז אַ סימן אַז דער ווײַן איז פּאַרטיק. — דערנאָך וועסטו מעגן מאַכן אַ „פּאַרטי", און מיר וועלן הוליען צוזאַמען...

פון זיין פריינטס רייד איז אַרטשע געוואָרן אָנגעשטימט, אָנגעסטראָיעט ווי אַ פידל. ער האָט ארומגעפּאַדעט ארום דעם פעסל, צוגעפּייפט, צוגעזונגען... סערטשע האָט געקוקט אויף אים שמייכלענדיק, לייכט פּאַרוואונדערט. אַרטשע האָט ליב אַ קוק געטאָן אויף זיין ווייבל, זי האָט איצט אויסגעזען אין זיינע אויגן שענער ווי אַלעמאָל...

אַ פּאָר טעג זיינען אַריבער. אַרטשע האָט אויסגעמיטן אריינ־צוקוקן אין פעסל. דער אמת: דאָס פעסל האָט אים געצויגן ווי אַ מאַגנעט... ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן מיט אַלע כחות. ער האָט זיך באַהערשט און געפילט שטאָלץ, וואָס ער האָט אַזאַ

כח איבער זיך. ער האָט באשטימט ביי זיך, אַ וואָך צייט וועט ער ניט אָפּדעקן דאָס פעסל. אָבער אויף דער דריטער נאַכט איז אים באַפאַלן אַ נייגער, אַ ציעניש צום פעסל... עמיצער האָט זיך באזעצט אין אים, האָט אים געמאָנט, געריסן: ער זאָל אויף טשיקאַוועשץ גיין זען ווי דער ווין שפּילט, ווי דער ווין הוליעט... אָבער אַרטשע האָט ניט נאָכגעגעבן... ער האָט זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער. איז מקנא געווען סערטשען, וועלכע איז געלעגן איינגעטוליעט, איינגענורעט, מיט אַ שטילן זיסן שלאָף ווי אַ קינד. און אים שלאָגט אַ היץ אין פּנים... — ער איז אַראָפּ פון בעט זיך אָפּצוקילן. אָבער דערזעענדיק דאָס פעסל אין ווינקל, איז ער געבליבן שטיין פאַר אַ ווײַלע — אין דער שטילקייט, וואָס האָט איצט געהערשט אין הויז, האָט זיך אים געדוכט אַז ער הערט, ווי עס ברומט אין פעסל... און ווי עמיצער האָט זיין האַנט באוועגט, האָט ער אַראָפּגענומען דאָס קישן, דאָס טישטוך. פון גרויס פאַרוואונדערונג איז ער גע־שטאַנען דערשראָקן... — דער ווין האָט געקאָכט ווי אַ קעסל. די צעריסענע ווינטרויבן זיינען צוריק לעבעדיק געוואָרן...

אַ צעטומלטער פון פרייד האָט זיך אַרטשע גרינג אריינגע־קוליעט אין בעט. אָבער זיינע צעשפּילטע פאַנטאַזיעס האָבן אים אויסגעטאָן פון שלאָף... — ער זעט שוין די שמחה וואָס ער וועט פּראַווען. אַלע עלעקטרישע לאָמפּן וועלן זיין אָנגעצונדן אין זאַל. דער גרויסער טיש וועט זיין געדעקט מיט אַלדאָס גוטס. פולע פלעשער ווין וועלן פינקלען. און שיין וועט זיין ווען די געסט וועלן ווערן בגלופינדיק פון דעם ווין... — ערשט דעמאָלט וועט זיין סערטשע איינזען אַז איר מאַן איז ניט גלאַט אַן אַרבעטער, וואָס פינסטערט, בידעוועט ערגעץ אין אַ טומלדיקן שאַפּ. — זאָל זי וויסן אַז אַרטשע האָט אַ נשמה, וואָס בייַנקט נאָך פרייד, נאָך פריינט — וואָס וויל זיך אויסלעבן ברייט און רוישיק.

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

# צווישן פייערן

זיסקינד, אַ בחור אין די דרייסיקער, וועלכער האָט שוין מיט דער עלנטקייט געשלאָסן אַ בונד, האָט היינט גראָד געפילט יונג און קעמפעריש. ער דערוואַרט ליליען, וועלכער ער קען שוין ביי פינף־זעקס יאָר. די ערשטע יאָרן, ווען ער האָט זיך מיט איר באַקענט, האָט ער פשוט פאַרשווענדט, פאַרנאַכלעסיקט איר פריינטשאַפט. ער איז געווען אינגער, געוואוינט אין דער גרויסער כרך ניו יאָרק, וואו זיין נאָמען האָט געבליט. ער האָט זייער אָפט פאַרעפנטלעכט דערציילונגען אין ראַדיקאַלע זשורנאַלן, אין דער אַרבעטער־צייטונג. קיין געלט פאַר זיינע אַרבעטן האָט ער ניט געקראָגן. פאַרקערט, ער האָט זיך געפילט דערהויבן און באַרוישט אַפילו, וואָס ער, מיטן נאָמען זיסקינד, האָט אַזאַ כח, און די געבענשטקייט, אַז זיין שטימע זאָלן טויזנטער מענשן פאַר־נעמען.

זיין פאָפולאַריטעט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. די רעדאַקטאָרן פון די קליינע אָרעמע זשורנאַלן האָבן געפאַדעט ארום אים און זיי האָבן זיך געבעטן, אַז ער, זיסקינד, זאָל באַ־שיינקען זייערע אויסגאַבעס מיט זיינס „אַ זאַכעלע”. חברים, פריינט, באַקאַנטע האָבן ארומגערוישט ארום אים, ווי בינען ארום אַ בינשטאָק. דאָך צווישן אַלע באַקאַנטע האָט ער מערסטנס געטראַכט וועגן דעם נאָמען ליליע. זי איז אפשר די איינציקע... זי איז הויך געוואַקסן, מיט אַ קאָפּ צעשטורעמטע האָר. אויגן בלויע, פאַררויכערטע. אַ שמעקעדיקער, סודות׳דיקער שמייכל אויף איר פנים. אָנגעטאָן איז זי אַלעמאָל אין פראָסטע קליידלעך, ריינע, געפּאַסטע און פון דורשטיקע קאָלירן. ווען זי רעדט, איז דאָס מיט אַ סיגאַרעטל אין מויל, וויין אויפן טישל... זי רעדט שטיל, פאַרטונקלט, און די ווערטער קומען ארויס ווי אָפּגעמעקטע.

אירע געדאַנקען זיינען ווי בליצן — שאַרף, ליכטיק און צעריסן. און דערנאָך פאַלט אַראָפּ אַ פינסטערקייט, אומעט אין איר שטימע. און אַפילו ווען זי נעמט ארום זיסקינדן, איז ווי טרויער וואָלטן פון אירע שמאָלע הענט געראָנען.

זיסקינד איז זייער זעלטן געקומען צו ליליען. אָבער ווען ער האָט זיך שוין אויסגעקליבן זי צו באזוכן, האָט ער זי פריער געשריבן... און געשריבן האָט ער זי קורצע, אָבער שיין־גע־פאַסטע בריוולעך, געצירקלט די ווערטער. אַ סך וואַרעמקייט האָט דורך זיינע קורצע שורות געאָטעמט. און ווען ער איז גע־קומען צו איר, האָט ער שטענדיק געפונען אויף איר קליין טישל זיינס אַ בריוו... און ווען ליליע האָט פאַרטראַכטערהייט מיט אים גערעדט, האָט זי מיט אירע פינגער באַרירט די ברעגן פון זיין בריוו. און זיסקינדן האָט זיך געדוכט, אַז ער הערט שטילע טענער הויבן זיך ארויס פון זיין בריוו.

זיסקינד פלעגט אָפּזיצן מיט ליליען שעה׳ן לאַנג. די שעה׳ן פלעגן פאַרשווינדן ווי געציילטע מינוטן... דאָך ווען זיסקינד פלעגט זיך זעגענען מיט איר, פלעגט ער דערפילן אַ צווייענדיקן פיין... די פיין פון זיך צעשיידן, און אַ סך אַ גרעסערן און פולערן ווייטאָג, וואָס ליליע פלעגט זיך אויפהויבן רואיק. זי פלעגט אויסשטרעקן קאַלט איר האַנט, וואָס זיסקינד האָט געדריקט מיט זיינע ביידע הענט. איר האַנט פלעגט אַפילו ניט אַ ציטער טאָן. נאָך אַזאַ מין זעגענען זיך, האָט זיסקינד באַשלאָסן ביי זיך, אַז ער וועט זי מער ניט טרעפן. ער וועט דאָס ניט דורכפירן פּלוצים, ווייל דאָס וועט ווייזן, אַז ער איז שוואַך אין כאַראַקטער... ער וועט איר שרייבן בריוועלעך. די בריוועלעך וועלן ווערן וואָס אַמאָל קירצער, קעלטער, ביז ער וועט איבערשניידן די פאָר פעדים, און ער וועט זיך באַפרייען פון דער פאַרנעפּלטער באַ־קאַנטשאַפט מיט ליליען...

און גראָד האָט אים דער מזל אין יענער צייט צוגעשפּילט... צום ערשטן האָט פּאַסירט, אַז אין דעם פּלאַץ, וואו ער האָט גע־

אַרבעט, האָט זיסקינד פאַרלאָרן די שטעלע, און אַן אַנדער באַ־שעפטיקונג האָט ער ניט געקענט קריגן, ווייל אַ טיפער קריזיס האָט געהערשט אין לאַנד. אין דערזעלבער צייט האָט מען אים צוריקגעוויזן עטלעכע דערציילונגען, מיט קורצע טענות: די טעמען זיינען אַלט: „שרייבט פון היינט, פון אַרבעטער־לעבן, פון קאַמף!" — האָט מען אים געזאָגט; דריטנס, האָבן זיך אָפּגעטאָן פון אים אַלע זיינע באַקאַנטע.

אין אַ מיטן העלן מיטוואָך האָט זיך זיסקינד דערפילט אין דער גרויסער כרך ניו יאָרק ווי אַן ארויסגעוואָרפענער און אַ פרעמדער. ער האָט זיך פאַר אַ פּאָר וואָכן צייט פאַרשלאָסן אין זיין צימער, ווי ער וואָלט געווען אַ קראַנקער, וועלכער טאָר ניט קומען אין באַרירונג מיט דער לעבעדיקער וועלט... ער האָט גע־פּרוּווט שרייבן דערציילונגען אויף נייע וועגן, פרישע טעמען, וועגן די אַרבעטער און זייערע שטריטן. אָבער ער האָט ניט באַוויזן אָפּילו איין דערציילונג צו פאַרענדיקן. הגם איין דער־ציילונג האָט ער שוין יאָ פאַרענדיקט, איז זי ארויסגעקומען, ווי אים האָט זיך געדוכט, פלאַך און ניט אָריגינעל. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט פאַר אַ צייט מער ניט צו שרייבן; ער וועט לאָזן דעם מאַטעריאַל, זאָל עס ביי אים צייטיק ווערן. ער וועט אָנ־זאַמלען כחות, און מער זיך ניט צושפּליטערן אויף קליינע דער־ציילונגען. ער וועט אָנשרייבן אַ ווערק, וואָס וועט אויפרודערן די אידישע מאַסן...

און כדי דעם באשלוס דורכצופירן, וועט ער זיך ארויסקלייבן אין אַ דאָרף לעבן ניו יאָרק. זיינער אַ פריינט האָט אים געשריבן, אַז ער האָט פאַר אים באשעפטיקונג. דאָס בריוול פון זיין פריינט האָט זיסקינד עטלעכע מאָל געלייענט און געפילט דערביי יענעם וויטאָג, ווי ער וואָלט זיך אויף שטענדיק געשיידט מיט זיין רוישיקן לעבן...

דאָך האָט ער דעמזעלבן טאָג זיך איינגעפּאַקט, גענומען די באַן, און אין צוויי שעה ארום איז ער אַראָפּגעשטיגן אויף אַ

שטילער סטאַנציע. ער האָט זיך געלאָזט גיין מיט דער הויפּט־גאַס, מיט די צוויי טשעמאָדאַנטשיקלעך אין זיינע הענט. ס'איז געווען הערבסט, די בוימער האָבן געגרוישט מיט ברומענדיקע ווינטערדיקע טענער. אָבער זיסקינדס אומעט איז אפשר נאָך געווען ברומענדיקער, ווי דער הערבסט־ווינט אין די בוימער...

זיין פריינט האָט אים אויפגענומען ברייט און וואַרעם, ווי נאָר קליינשטעטלדיקע מענטשן קענען עס באַווייזן. און, אַגב, האָט זיסקינד דערפילט אין זיין פריינדס אויפנעמען אים, אַז ער האָט פאַר אים רעספּעקט...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט שוין זיסקינד געאַרבעט אין אַ קליינעם שאַפּ ביי אַ פענצטער, וואו עס האָט זיך געזען פעלד, הייזלעך, צעזייטע, אַרויפגעדראַפּעטע אויף בערג. הייזער אין טאָלן מיט אַרויסגעשטאַרטשעטע רויטע קוימענס. היגער, געגנז און קאַטשקעס לעבן די הייזער. און איבער די דעכער קרייזן טויבן, טויבן, וואָס זיינען האַלב־היימיש און האַלב־ווילד, פונקט ווי ער, זיסקינד. זיין נשמה איז אין שטאָט און זיין היים איז אין דאָרף. ער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט יונגע, בליענדיקע קריסט־לעכע מיידלעך. ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו זייערע נאַאיווע רייד וועגן ליבע... זייער געזאַנג און געזונטער לאַכן און דער אימפּעט אין זייער אַרבעט האָבן אים באַרוישט, און ער האָט זיי מקנא געווען. און ער איז געקומען צום געדאַנק, אַז ער וועט זיך אויך אַזוי פּרואוון איבערבויען.

אין דער שטילקייט פונם דאָרפישן לעבן זיינען זיסקינדס טעג געקומען און פאַרשוואונדן.

אין דאָרף איז שוין געווען פרילינג, דער דרויסן האָט ווי אָפּגעריגלט זיינע שווערע טויערן. אַ דערוואַכונג, אַ לויטערקייט. די ערד, פאַר פרישקייט, פאַר וואַרעמקייט, שפּאַלט אין איר איינגעווייד די זוימן און טרייבט די יונגע שפּראָצונגען אין דרויסן אַרויס: גייט זייט משמח די וועלט...

אין דאָרף זיינען אָנגעקומען אַ סך פרעמדע מענטשן,

מערסטנס פון ניו יאָרק, יונגע מענטשן, וואָס האָבן גענומען זייער וואַקאַציע; עלטערע מענטשן, וואָס ליידן אויף כראָנישע קראַנקהייטן.

אין איינעם אַזאַ פרילינג־טאָג האָט זיך זיסקינד צופעליק באַקענט מיט אַ מיידל. געהייסן האָט זי בראָניע. דער נאָמען אַליין האָט אים פאַרלאָקט. אירע קרום־געשניטענע אויגן און דאָס שאַרפקייט, טונקלקייט פון איר געזיכט האָבן אים גערייצט... יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט האָט זי זיסקינד געטראָפן.

בראָניע איז אַ זינגענדיקע, אַ שפּילעוודיקע און אין דער־זעלבער צייט אַן ערנסטע. ערנסט פלעגט זי ווערן דאַן, ווען זיסקינד האָט גערעדט. ער האָט גערעדט מיט דערפאַרונג. פליגלען פלעגן זיינע ווערטער באַקומען. זיסקינד האָט זיך צוריק אַריבערגעטראָגן אין זיינע בונטע יאָרן, צוליב דער באַקאַנטשאַפט מיט בראָניען. זיי האָבן זיך געשפּילט ווי פּופּצן יעריקע קינדער, ניט ווי דערוואַקסענע, וואָס יעדע באַגעגעניש טרייבט שנעל אויף ווייטערדיקע שפּאַנען, נייע וועגן... זיסקינד, ביי זיין גאַנצער דער־וואַקסנקייט און דערפאַרונגען אין לעבן, און ווי אַ מענטש, וואָס זיין וואָרט האָט זיך געדרוקט און האָט אָפּגעקלונגען אין טויזנטער הערצער, איז דאָך אין זיין גאַנצער נאַטור געבליבן אַ קינד, פול מיט צווייפלען, פול מיט מורא פאַר זינד, פאַר נייע וועגן... ער האָט זיך ווי אַ קינד געשפּילט מיט מענטשן, אָן צאַם... און אַזוי ווי אַ קינד, וואָס צעברעכט עפּעס, האָט אים דער פאַרדרוס פאַר־פאָלגט אַ לאַנגע צייט. שטורמדיקע חרטה־עכאָס האָבן אָפּגעקלונגען אין זיין נשמה. זיסקינד, מיט זיינע שרייענדיקע בלוטן, האָט באַ־וועלטיקט דער שטילער, באַשיידענער בראָניען. און זיסקינד מיט דער זיכערקייט, אַז אַ פרוי מיטן לאָקנדיקן נאָמען בראָניע האָט אים ליב; ער האָט גענומען צעוואָרפן זיינע אויפמערקזאַמקייטן אויף אַ סך געביטן. ער האָט צוריק זיך פאַרקניפּט מיט אַ סך באַקאַנטע פון ניו יאָרק. ער האָט זיך אויך פאַרנומען פיבער־האַפט מיט שרייבן אַ בוך פון די מלחמה־יאָרן. און, אַגב, האָט

אים שטאַרק צעטומלט אַ קורץ בריוול פון ליליען, וואָס איז אָנגעקומען צו אים אַזוי פּלוצים און אומגעריכט. ליליעס בריוו האָט אים איבערראַשט פאַר אַ סך זאַכן. ערשטנס, וואָס זי האָט זיך דערמאָנט אים צו שרייבן. און אַ וואונדער איז געווען פאַר אים, וואָס דער בריוו קומט פון יענער זייט ים. זי איז געפאָרן אויף אַ באזוך אין לאַנד פון די סאָוועטן, און צווישן די אַלע מערקווירדיקייטן און בילדער, וואָס מ׳זעט אין אַ נייעם לאַנד, קען זי זיך דערמאָנען אָן אים, זיסקינדן, וואָס איז פאַרוואָגלט אין אַ סומנעם דאָרף... זי שרייבט אים, אַז זי וועט אינגיכן זיין צוריק אין ניו יאָרק.

דאָס בריוול פון ליליען האָט צעוויגט זיינע שטימונגען... ער האָט זי דערזען אין איר אַמאָליקער געשטאַלט: מילד און מיט האַלב־שמייכל צווישן יע און ניין... ליליע, די אַרבעטערמיידל, וועלכע פלאָגט זיך פון איין שטעלע אויף דער צווייטער; ליליע, דאָס מיידל־וואַגאַבונד... אָט איז זי אין דער שטאָט און אָט איז זי אין אַ צווייטער... זי אַרבעט שנעל אויף דרוק־מאַשינקעס. זי רעכנט אויסגעצייכנט. זי איז אַ געניטע „שוועסטער" אין אַ שפּיטאָל. און אַמאָל טרעפט איר זי רעדנדיק אויף אַ סקווער. זי שטייט הויך דערהויבן אויף אַ לייטערל, און ארום איר, געדיכט, שטייען שווייגנדיקע אַרבעטער־מענטשן.

זיסקינד האָט זיך אָנגעטאָן היינט יום־טוב׳דיקער און איז געגאַנגען צו בראָניען, מיט דעם באשלוס, איר צו דערציילן, אַז ליליען קען ער שוין זייער לאַנג. ער וועט איר אַפילו ווייזן ליליעס בריוול... ער איז צוגעקומען און געטראָפן בראָניען מיט אַ סעטשל אין האַנט, אַן ערנסטע און אַ פאַרשטילטע.

— זייט געזונט, זיסקינד, איך האָב וואונדערלעך פאַרבראַכט מיט אייך.

ווען די באַן האָט זיך גערירט, האָט בראָניע לייכט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. באַלד האָבן זיך באוויזן גלאַנציקע שינעס, קאַלטער גלאַנץ, ווי ער האָט לעצטנס געזען אין בראָניעס אויגן...

זיסקינד האָט זיך דערפילט אַראָפּגעפאַלן און אָפּגענאַרט. אָבער אין דערזעלבער צייט האָט ער זיך געגרייט צו באַגעגענען ליליען. ער וועט איר אַלץ דערציילן. און ער האָט געהאַט דעם געפיל, אַז דאָס מאָל וועט אים ליליע אויך אַלץ דערציילן. און זי האָט זיכער אויסגעפורמט באשטימטע צילן. ליליע איז זיכער זיין לעצטער און שאַרפסטער ציל... זי וועט אים טרייבן צו שאַפן. ער איז גרייט פאַר איר צו ליידן און קעמפן.

אָבער זיינע געדאַנקען האָבן זיך אַ ווענד געטאָן אויף אַן אַנדער וועג. זיסקינד האָט איינגעקויפט אַלע זשורנאַלן, וואָס דערשיינען אין אידיש און אומעטום האָט ער זיך באגעגנט מיט נעמען, וואָס ער האָט צו־שטאַרק פון זיי ניט געהאַלטן... און איצט זיינען זייערע נעמען ביי אַלעמען אויף די ליפּן. און זיין נאָמען שטומט. דאָס איז דערפאַר, וואָס ער איז אַנטלאָפן אין דאָרף, ווייט פון די קוואַלן, ווייט פון קאָכיקן לעבן. זיי אַרבעטן אויף זיך, זיי שטודירן. און ער האָט זיך אַליין פאַר׳משפט!

— קליין שטעטעלע! איך בין ביי דיר געבאָרן געוואָרן און אַ צייט געשאַרפט מיינע ציין און נעגל, ביז איך האָב זיך ארויסגעריסן פון דיר. איצט בין איך צוריק אין דיינע נעצן. אָבער אפשר איז גוט אַזוי, וואָס ער איז געבאָרן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל. ער האָט אַ טיפע באַקאַנטשאַפט מיט דער נאַטור. אַ געזונטער, פּרוכטבאַרער בוים מוז וואַקסן אונטערן פרייען הימל. אָבער די פּרוכט מוז מען פירן אין שטאָט...

ס׳איז אים באַפאַלן אַ בענקשאפט צום שטאָט. און ווען ער איז שוין געזעסן אין דער לויפנדיקער באַן, האָט ער געטראַכט ביי זיך, אַז אייגנטלעך ווייס ער ניט, צו וואָס ער פאָרט, און ווי לאַנג וועט ער זיך דאָרטן פאַרזאַמען. דאָך, וואָס נענטער ער איז צוגעקומען צו דער גרויסער שטאָט, אַלץ מונטערער און אויפגע־לעבטער איז ער געוואָרן.

און אָט מאַרשירט ער שוין אויף די שטאָטישע טומלדיקע גאַסן. ער פילט זיך שטאָלץ, וואָס ער איז דאָ געווען אַ תושב.

ער דאַרף קיינעם ניט פרעגן, וואוהין צו גיין און וואוהין צו פאָרן... צום אַלעם ערשטן איז ער אריין אין אַ האָטעל, פאַרשריבן זיין נאָמען. זיין נאָמען האָט ער אַזוי אַ צירקל געטאָן — ער האָט ווי פאַרשטעמפּלט אין דעם אויסצירקלען זיין נאָמען די חשיבות זיינע. דערנאָך האָט ער זיך גרינטלעך ארומגעוואַשן, זיך אָנגעטאָן גרויס־שטאָטיש... אין דאָרף האָט ער זעלטן געטראָגן אַ קאָלנער מיט אַ שניפּס. ער האָט זיך באַטראַכט אין שפּיגל: זיין פאַרברוינטער פּנים, די אויסגערוטקייט און געזונטקייט האָט דערציילט, אַז ער איז אין דאָרף... ס'האָט אים צופרידנגעשטעלט, וואָס ער זעט אויס געזונט. ס'האָט אים אָבער אויך געאַרט, וואָס מיט דער פאַרברוינטקייט איז פאַרווישט געוואָרן די פאַרטרוימטקייט, דער שטאָטישער אומעט און בלייכקייט, וואָס מאַכט דעם מענטשן צאַרט און איידל, און ממילא אַ מער גייסטיקע באַשעפעניש...

ער איז אַוועק אין קאַפע, וואו די אידישע שרייבער קומען זיך צוזאַמען. דאָרט האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. ביי איין טיש איז געזעסן דער באַוואוסטער אידישער ראָמאַניסט — אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, הויך, מאַסיוו, מיט ברענענדיקע שוואַרצע אויגן; אַ מענטש מיט אַ גרויסן טעמפּעראַמענט. דער באַוואוסטער ראָמאַניסט האָט כמעט די גאַנצע צייט גערעדט. די עלטערע, באַוואוסטערע קינסטלער זיינען געזעסן האַרט ארום אים. זיי האָבן שטאַרק גערויכערט, אַזוי אַז דעם ראָמאַניסטס צעשויבערטער קאָפּ האָט אויסגעזען ווי אַ רויכערדיקער מזבח. ווידער, די אינגערע שרייבער זיינען געזעסן אָפּגערוקט פון דעם גרויסן ראָמאַניסט אויף האַלבע שטולן, פאַרשטילטע, מיט יראת הכבוד און האַלב־פאַרשעמטע. זיסקינד האָט זיך דערפילט אַראָפּגעפאַלן, און צום ערשטן מאָל, קען מען זאָגן, אַנטוישט אין זיך. זיי האָבן זיך אַפילו ניט אומגעקוקט אויף אים, נאָך אַזוי פיל דערציילונגען זיינע, וועלכע זיינען דערשינען אין פאַרשיידענע אויסגאַבן. אָבער זיסקינד ווייס, נישקשה, אַז ער

שטייגט נאָך אַריבער אַ סך יונגע, כאָטש זיי רעש'ן זיך אין די רעדאַקציעס און אין די קאַפייען. ס'וועט ניט נעמען לאַנג און ער וועט זיי באַווייזן זיין גבורה... ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער איז איצט דער בער און ווינטער, וואָס האַלט די לאַפּע אין מויל... אָבער אַז ער וועט ארויסנעמען די לאַפּע פון מויל, וועט ער ערשט ווייזן זיין כח און זיין פאַרצוקנדיקע מאַכט...

ער האָט זיך צוגעקליבן צום לעצטן טישל, וואו עס איז געזעסן אַ גרופּע יונגע שרייבער. זיי האָבן זיך שטאַרק געווי־טעוועט מיט אים. זיי זיינען געזעסן מיט אַנטבלויזטע קעפּ, קוטשעראַווע האָר, קוטשמעס, שטורמדיקע באַוועגונגען. זיי האָבן גערעדט אַלע מיטאַמאָל. און צווישן די גאָר יונגע חברים האָט זיסקינד אויך ניט געפונען קיין מנוחה. זייערע היציקע געשפּרעכן האָבן אים געקלונגען באַרימעריש. ער האָט ניט געפונען קיין מאָס און קיין טאַקט אין זייערע רייד.

זיסקינד האָט זיך פּאַמעלעך ארויסגערוקט פון קאַפע. די נאַכט האָט שוין באַוועלטיקט די שטאָט. אַ מורא'דיקע באַלייכ־טונג איבער די גאַסן, דאָך איז די נאַכט אַזוי מעכטיק, אַז קיין שום ליכטיקע פאַקעלן קענען איר ניט אָוועקרוקן. די שטאַרקע, שלאַגנדיקע ליכט פון שטאָט מישט אויס די נאַכט און שאָטנס, ליכט, מוזיק און פאַרבן. מען טרינקט וויין אין די קאַבאַרייען און מען טאַנצט אין טונקל־רויט באַלויכטענע זאַלן... מ'לערנט אין נאַכט־שולן און מ'זיצט פאַרטרוימטע אין די ביבליאָטעקן. פּראָפעסאָרן האַלטן לעקציעס, און דערוואַקסענע מענטשן זיצן ווי קליינע קינדער, געהאָרכזאַמע און מיט דרך־ארץ.

זיסקינד האָט נאָך קיינמאָל ניט געפילט אַזוי בולט דעם מעכטיקן אָטעם פון שטאָט, ווי איצט. ווייל ער איז געווען אָוועק פון שטאָט, האָט ער געקענט מאכן אַ סך הכל, וואָס די שטאָט באַדייט פאַר אים... און דורך דער שאַרפער בענקשאַפט, וואָס ער פילט כסדר צו דער שטאָט, האָט ער דערזען איצט ניו יאָרק, ווי אויף זיין דלאָניע. אויסגעווירעטע, אויסגעמאָסטענע גאַסן.

וויפל מענטשן האָבן דיינע ציגל געקנאָטן? וויפל מענטשן זיינען אַראָפּגעפאַלן פון דיינע שפּיציקע טורמס? און פון דיינע אַריבערגעשליידערטע הויכע בריקן? וויפל מענטשן האָבן דיינע פענצטער געגלאָזט, ניו יאָרק? פון די שטיינערנע גרונטן האָבן זיי דיר ארויסגע׳כשופ׳ט, און זיי האָבן דיך אויפגעהויבן ווי אויף פליגלען. זיי האָבן דיר פאַנאַנדערגעוואָרפן, פאַרשפּיצט און פאַרלויכטן אויף מיילן. דיינע פאַרקן זיינען פול מיט ווילדע, גרויסע שטיינער, וואָס קוקן אויס ווי אינזלען. דיינע טייכן זיינען גרין און פעט פון אויל, און זיי האָבן אין זיך די גבורה פון דעם אַטלאַנטישן ים... קינדער צעלייגן פייערן אויף דיינע גאַסן און זיי טאַנצן אין אַ ראָד. די פייערן זיינען ווי אַ סימבאָל, ווי אַן איבערבלייב פון די אינדיאַנער שבטים. אָבער גראָד די מענטשן, וואָס האָבן דיר געבויט, ניו יאָרק, זיינען געוועזן דיינע שקלאַפן. דו האָסט פאַרמויערט אין דיינע שאַפּ־קאַזאַמעטן יונגע בחורים און מיידלעך. אויף דיינע פאַבריק־גאַסן שלאָגן זיך אַרבעטער מיט אַרבעטער פאַר אַ שטיקל ברויט...

זיסקינד איז געבליבן שטיין אויף איין פּלאַץ. זיין געמיט איז געווען אויפגעשטורמט, און ער האָט דערפילט, ווי ער איז נאָר־וואָס דורכגעגאַנגען דורך אַן אייזערנעם פייערדיקן פורעם. ער האָט זיך איצט געפונען צווישן אַ סך פייערן: שטאָט און דאָרף! צווישן פאָלקס־מענטשן און קינסטלער! בראָניע און ליליע! און אין סאַמע קלעם מיט זיך אַליין. ער, זיסקינד, קומט פון אָרעמע מענטשן. ער מוז אָנזאַמלען כחות, וויסן. און מיט קופערנע אָרעמס און מיט אַ פייערדיקער פען וועט ער קומען צו די מאַסן...